ישעיה זאַנדבערג

# קלאַנגען

פאַרלאַג „אויפקום" תל־אביב (ישראל)
תשכ"ח / 1968

# מיט ציטערדיקער פרייד

**וגילו ברעדה.**
(תהילים ב, 11)

ס'האָט אויפגעציטערט לייכט
די צאַרטע הויט פון טייך,
ווי דורך אַ פינגער ווייך,
פון ווינט באַרירט;
און, ווי פון האַרפן־סטרונעס
אויפן וואַסער־פלאַך,
האָבן שטיל און זאַכט
אַקאָרדן אויפוויבּרירט.

שטייג אויף אויך דו
פון האַרץ־פאַרבאָרגעניש,
פון פרייד און ציטערניש געזאַנג!
האָפערדיק און פאָרכטיק,
צעשאַלנדיק און באַנג.

# אַן שטויבן איז דער וועג

איך דער שטיל אַ געוויין,
ווער וועט עס דערהערן?
סיידן —
די וואָס ליידן אַליין.

אַ סטויג פון שטרוי אין זומערדיקן פעלד,
און ביי דער זייט —
זיך ציט אַ וועג, פאַרגעסן פון דער וועלט.

דאָ פאָרט נישט קיינער מער און ס'קומט נישט קיינער אָנצוגיין,
אָן שטויבן איז דער וועג,
אָן שאָטן און אָן ווידערקול, פאַרלאָזן און אַליין.

איך מאַך די אויגן אויף און צו, אין האַלבן דרימל,
און איבער מיר —
אַן אָפן־אויסגעשפרייטער, וואָלקנט ווייס דער הימל.

און, ווי בלוי פון אויגן, שוועבט אַן אָפּשטראַל אַן צו מיר
און כ'הער אַ שעפּטשען,
ווי אַ תּפילה, מ י ר פ אַ ר ד י ר!

— — — — — — — — — —

ס'גייט דאָס האַרץ מיר פּלוצלינג איבער,
קלעמט און קאַרטשעט זיך צוזאַמען;
ס'גיט אַ ברי מיר מאָנענדיק אַ רוף:
ד יי ן מ אַ מ ע!

1966.

נעמי שמר

# ירושלים

(פון העברעיש)

מוזיק פון „ירושלים של זהב"

די לופט פון באַרג ווי וויין איז לויטער;
געשמאַק פון נאָדל־בוים
מישט זיך אוים מיט קלאַנג פון גלעקער
אין פאַרבלויטן אָוונט־רוים.
און די שטאָט פון טרוים געפאַנגען,
עלנט זיצט אַליין;
דורך איר האַרץ זיך ציט אַ מויער;
טיף אין שלאָף איז בוים און שטיין.

רעפריין: ירושלים, קרוין פון גאָלד,
שטאָט פון קופּער און פון שיין,
איך וויל פאַר אַלע דיינע לידער
אַ פידל זיין!

נאָר אין טאָג ווען דיינע קינדער
פלעכטן קרוינען דיר,
צווישן די באַזינגערס דיינע
קום איך זינגען אויך מיין שיר:
מיר קומען ווידער צו די קוואַלן,
צוריק אין מאַרק און סקווער;
ס׳רופט אַ שטים פון הר הבית
אין דער אַלטשטאָט צ׳ריק אַהער.

רעפריין: ירושלים אאַז״וו

אין די היילן פון די פעלדזן
לייכטן זונען דיר,
און אויפסניי צום ים המלח
דורך יריחו גייען מיר.
דיין נאָמען בריט אויף מיינע ליפּן,
ווי ברענענדיקער קויל,
און אייביק וועלן דיינע קושן
גליִען הייסע אויף מיין מויל.

**רעפריין:** ירושלים, קרוין פון גאָלד,
שטאָט פון קופּער און פון שיין,
איך וויל פאַר אַלע דיינע לידער
אַ פידל זיין!

# יזכור...

אין אָוונט־שעה, ווען ס׳שלאָפן איין די הייזער,
און ס׳חלומען די גאַסן שטיל אַ טרוים,
לייכט אויף אַ בלאַסקייט, אַ העלער שימער,
אַ בלויער נעפל באַזיימט דעם רוים.

און שפּעט אין נאַכט, ווען אַלץ זיך לעשט אין שטיבער,
שאַרכן שלייכנדיקע, לייכטע טריט;
און ס׳גרייכט צום אויער אַ געשעפּטש בלחש
פון אַן אויפדערוואַכטן קדיש־ליד.

הילט די נאַכט זיך איין אין שאָטנס,
גייט אויף אַ שטים, וואָס שפּרייט זיך אוים אין ווייט:
אַ תפילה זכה פאַר די אָפּגעשיידטע,
פאַר לעבנס אָפּגעהאַקטע פאַר דער צייט.

# אויף אַלע וועגן

אין אָנדענק
פון דעם שרייבער־קדוש
פרץ אָפּאָטשינסקי,
בריוטרעגער אין וואַרשעווער געטאָ.
(1943—1892)
„ס'האָט אויפגעשוימט דאָס קול
„דעם אומרו אין מיין געביין
„און איך האָב אָנגעהויבן גיין, גיין."
(„נע ונד" פון פרץ אָפּאָטשינסקי)

אויף אַלע וועגן —
סיי פון רעגנס אויסגעווייקטע,
סיי פון משא־וועגענער צעלייגטע ;
צעפּאַרעטע, פון זונען אויסגעבריטע
און פון נאָך שריפות טליענדיקע אַשן אויסגעגליטע ;
שליאַכן שטויביקע,
פאַרפּראָפּט מיט וועגעלעך פון פּליטים נע ונדע ;
און, אין השכמה־ליכט, אומאַנער סטעזשקעס ערשט אַוודאי ;
אומעטום האָסטו דאָך נאָר א י ם געזוכט...

ווער וועט אַמאָל קענען איבערציילן
די אָנצאָליקע וואַנדער־מיילן,
וואָס אין מלבושים צעדריוולטע, צעפּאַלענע אויף צוויטן,
האָסטו אויסגעשפּרייזט
אויף וואַרשעווער געטאָ־הייף אין קויטן ?

און ווער וועט אַמאָל באַרעכענען
אויף וויפיל הייכן גאָרנדיקע
האָסטו בריוו פון אייגענע געטראָגן,
נייעסן אויף טרעפּן אויסגעקרוממטע,
אַן אָנלענס און מיט מענטשן־שאָטנס ראַיענדיקע,
ווימלענדיק מיט קולות האַלב־פאַרשטומטע ?

און ווען דו האָסט אין האַלב־שלאָף אָפּגערוט,
האָסטו ערשט פון דיין דלת־אַמותדיקער וועלט
— ווי ס'האָט צעשטערט, געוווינט דאָס קאַרגע גליק —
ווי אַ האַנט דורך ווייטן,
אויסגעשטרעקט צו א י ם דיין זוכנדיקן בליק.

און גערעדט האָסטו צו אים מיט שכלדיקע רייד:
— פאַר די אַלע יידן, וואָס צווישן זיי הויזן דאָך די למד־וואָוו,
גייסטו ווידער ברענגען אַ חודש אָב ?
און די קינדער,
וואָס יעדער איז „אַ שטראַל פון אַן אומבאַקאַנטן מאָרגן"
און „אַ צויבער פון אַ מיסטעריע",
וואָס „אין די נאָוועמבער־טעג רעגנדיקע, ווינטיקע,
בעטלען זיי אויף דער וואָלאָווקע,
ליגנדיק איינס אויפן רוקן פון אַנדערן,
כדי זיך אָנצוּוואַרעמען",
צי וועסטו אויך אויף זיי זיך נישט דערבאַרעמען ?

און אַז דו האָסט פון אים קיין ענטפער נישט באַקומען,
האָסטו מיט דער זאָרג פון דיינע בליקן
די אַלע „קינדער אויפן ברוק" ארומגענומען.
ווער נאָך אַזוי ווי דו
האָט זייער חיבוט פון די קברים־ראָגעס מיטגעליטן ?
ווער נאָך אַזוי ווי דו
איז מיט זיי מיטגעשטאָרבן אַלע טויטן ?

און אַזוי פון אַלע געננג אין ווייטן
גייסטו איצט דעם וועג דעם אָפּגעשיידטן...
דו רייסט זיך אויס פון פרעמדקייט צווישן ווענט
און וואָרצלסט זיך אין היימישקייט פון פרעמדס.
נאָך ווייטיקסטו אין בלוט פון יעדן שניט,
נאָר אויפגעהערט צו צערן דיך האָט שוין דער הונגער,
און ס'פרירט די קעלט נישט מער איצט דיין געמיט...

ביסט אַליין — — — —
בלויז אומרו איז, ווי תמיד, נעבן דיר;
ס'איז נאַכט — — — —
און אויפגעוועקט האָט ווידער דיך דער ווינט פון שלאָף;
אויפסניי קוקסטו אין דער שויב
און דרייסט דעם קאָפּ אוים צו דער טיר.
מיוחסדיק און איינגעבויגן,
עניוותדיק און גרוים געהויבן,
ס'איז האָפּערדיק געוועלבט דער שטערן
און פאַרגלוויביקט בלוי די אויגן,
דיין קול, וואָס ברומט, וואָס מאָנט און שטראָפט,
דיין קול, וואָס טרייסט, וואָס זינגט און רופט:
— אין שטומער וואָרנונג איז דער הימל אויסגעשפּרייט,
און ווינטער־רעגן שווער אין לופטן הענגט,
נאָר ס'איז צו גיין שוין הויכע צייט!
ס'איז נישט דעם וואָגלערס זאָרג
צו וויסן וואָס דער מאָרגן ברענגט!

אין קילע באַגינענס, נאָך נעכט אָן פרייד,
צייטיקט זיך פון סודות דער באַשייד.
נאָך שפּירסטו די מידקייט, אַ שווערע ווי שטראָף,
נאָר שוין ווייסטו פון רו, פון אַ רוען אָן שלאָף.
באַלד וועסטו אויפשטיין,
אין אַ רוף מבשר זיין,
אַז ס'וועט קיינמאָל נישט מער טונקלען פאַרצאָגט
אין אויג פון אַ קינד דאָס ליכט פון טאָג.
ווייל, ווי פוילעניש פון זיך אַליין צעפּאַלט אויף ערד,
האָט אומגליק אויף די וועגן
אין זיין אייגן בראַנד אַליין זיך אויפגעצערט.

# יאָרצייט

אשר שוואַרצמאַנען לזיכרון
(1919—1889)

דיין יאָרצייט.
ווייל ווידער איז אוועק אַ יאָר זינט יענעם טאָג,
וואָס הענגט אויפן ראַנד פון דער צייט;
זינט יענער רגע, וואָס ערשט געווען איז נעכטן,
און שוין פאַרשוווּמען איז אין נעפּלדיקער ווייט.

אָבער איז דען נישט שטענדיק יאָרצייט נאָך דיר?
אין אייביקן באַוועג פון זיין אומרו,
שלאָגט דען נישט אַלעמאָל דער זייגער אוים
די יזכור־שעה?

ווי צווייגן אויף אַ ווערבע־בוים,
הענגען געבויגן אַראָפּ מיינע הענט;
ס'פּלייצט אַ באַנגקייט פאַרביי די ווענט,
ווי רעגן פאַר אַ באַרג־שפּאַלט;
און אין געמיט האָט א קלאַפּ געטאָן די דערמאָנונג,
ווי אָן דר'ערד אַ פויגל ווען ער פאַלט.
אַ נישט־פאַרענדיקטער געדאַנק,
ווי אין שלאָף אַ מידער גאַנג,
און ווי אין חלום אַ געזאַנג,
שלייכט זיך דורך אין מוח און פאַרפאַלט.

נעם איך ווידער אויף די פרייד,
וואָס האָסט פאַרשווענדעריש אַרום דיר געשפּרייט.
און פאַרוואָס זאָל איך נישט טראַכטן מער
פון די שטיפערייען אין די קאַלישער סאַמעט־נעכט,
ווען ייִנגלעריש, צוזאַמען,

מיר פלעגן
איבער בענק פון שלעפעריקן שטאָט־פּאַרק שפּרינגען
און דו
פלעגסט פלוצלינג אָנהייבן דיינע לידער צו זינגען.

פאַרוואָס זאָל איך נישט טראַכטן
ווי נאָך שווערע טעג, פאַרבראַכטע אין קאַזאַרמע,
פלעגסט קומען אויף דוברזשעצקער אין פאַרנאַכטן,
אין זעלנערשן מונדיר מיט שווערד און עפּאָלעטן
און מיטברענגען מיט זיך רייד גיבורעשע,
וואָס פלעגן זיין צוגלייך ווי הענט וואָס גלעטן?

„אַ זון־באַשיינטער ריז מיט אויסגעשפּרייטער האַנט" —
נאָך שפּאַנסטו אָן מיט גבורה דיין געזאַנג.
פון אין ליכטער איינגעהילטן „היכל פון אַ גרוים בלוי שווייגן",
ברענגסטו אַלץ נאָך צו דער וועלטס געהער
„פון דורות קנעכט דעם קייטן־קלאַנג".

אַמאָל וועט דיין ליד „אין אַ טאָג אַ באַנייטן",
„ווי אַ זוניקער נעפּל אין טאָל נאָך אַ רעגן",
דערגיין, ווי אַן אָנזאָג, „פון גאָלדענע ווייטן",
און דיין חזיון
פון די אויסגעבענקטע „שטראַלנדיקע ברידער",
וואָס „גייען כיתותווייז, ווי יונגע הירשן" —
וועט גרייכן צום מענטש,
„ווי צום ברעג ס'גרייכט אַ שווימער אַ מידער".

# כ׳ווייס...

כ׳ווייס, כ׳וועל איינמאָל פאַרפאַלן ווערן
ערגעץ אויפן פלאַך פון דער ערד,
פשוט, ווי ס׳פאַרגייט אַ טראַכטונג,
און ווי אַ שטענגל בעז, וואָס וויאַנעט און נישט ווערט.
ווי אויסטערליש דאָס וועט מוזן זיין!
איך וועל אויפהערן צו זיין —
און כ׳וועל נישט האָבן מער קיין סוף...

וויפיל מאָל חזרט זיך דאָס שוין אַזוי איבער?
ס׳איז ווי אַ ראָד, וואָס קוילערט זיך און יאָגט
און היפּערט קיינעם נישט אַריבער,
אָבער אייביק איז דער פּלוצימדיקער ווײַ —
און חידושלעך, ווי נאָכנישט-געוועזן נײַ,
איז אַזאַ ווידערקער...

כ׳ווייס... אין עפּעס אַ רגע פון אַ טאָג וועל איך פאַרגיין,
פונקט ווי ס׳שטעלט זיך פּלוצים איינער אָפּ,
בלייבט שטיין אינמיטן לויפן —
ווי פון פאָרויסיק קלאָר איז אַזאַ וויסן!
און ווי אייביק אומפאַרשטענדלעך איז אַזאַ באַגרייפן!

אויסהויכן וועט מיך די ערד אין אַ קילן פרימאָרגן,
אַ גרעזל וועל איך זיין
און כ׳וועל גלימצערן אין דער נאַסער זון;
ס׳וועט זיך אָפּשפּילן מיט מיר דער ווינט,
וואָס וועט שטיפעריש. מיט בלומען-שטויב מיך באַדעקן;
און דערנאָך
וועט אַ ברענעדיקער אָטעם פון אַ קו
מיך אויפלעקן.

אָדער... ערגעץ ווייט
וועט אין זידנדיקן ים אַראָפּנידערן די זון;
זי וועט אין דער מינוט
פון פליסנדיקן גלי און פון שנייען זיין באַגלייט;
וועל איך מיך דעמלט אויפהייבן איבערן ים
— פון לייכסטן פורפור-זייד אַ וואָלקן —
וועט, פון ליבשאַפט גאָלדיקער באַשיינט,
אַ מיידל זאָגן צו איר בחור:
זע, וואָס פאַראַ מאָלערישער זון-פאַרגאַנג ס׳איז היינט!

בריסל, 1960.

# י י ד י ש

**אומעטום וווהין יידן זענען פאַרטריבן געוואָרן,**
**איז די שכינה מיט זיי מיטגעגאַנגען אין גלות.**
(מגילה כ״ט — א׳)

א׳

פונוואַנען און וווהין, בהלהדיקע מחנה,
דורך דער נאַכט אויף ענג-פאַרלייגטע וועגן?
דיר פאַרהאַלט דעם אָטעם-צוג דער ווינט,
וואָס רייסט אין פּנים דיר אַקעגן,
און ס׳האָט הינטערווײילעכץ
זיך צעקלונגען ווילד אַ בייז געגלעקער.
איז פינצטערניש צערייצטע
אויפגעשטיגן היינט פון גרונט פון ימען,
אַז פון אונטער טריט עס וואַרפט די ערד מיט פלאַמען
און, ווי רויב-פייגל איבער קעפּ,
טראָגן וויסטע קולות זיך אין חלל,
רויע האַלדז-געשרייען: העי! העפּ! העפּ!

יאָר דרייצן הונדערט ניין און פערציק...
ס׳איז די צייט פון „גרויסן אויסשטאַרבן״,
פון שוואַרצער פעסט און פון „ברונעמער פאַרסמטע״.
ווי שלאַנגען-גיפט, פאַרעיפּושט האָט דאָס לאַנד
אַן עיבור-יאָר פון בילבול און פון גירוש;
ס׳האָט די לופט געוואָרגן זיך אין בראַנד
און שטיקנדיק אין רויכן,
אויפגעפלאַקערט האָט אין העליש רויט אַ שריפה.
ס׳האָט אויסגעבראָכן טעמפּ ס׳געלעכטער פון שיגעון,
אומגעצוימט פאַרשייט, אינמיטן דער מגיפה.

נאָר ווער גייט דאָס דאָרט אינצווישן פון דער עדה,
איינגעהילט אין בלוי און הויך דעם קאָפּ געהויבן?
ווער קען אזוי פאַרעלטערט ווערן פאַר דער צייט
און ס׳זאָל אַ יוגנט־חן
אויף אויגן און אויף הענט זיין אויסגעשפּרייט?
ס׳קען אזוי נאָר אויסזען סיידן בלויז אַ מאַמע,
גייענדיק מיט קינדער אירע, באהבה,
צווישן זיי אַ נייעם גלות אָפּריכטן צוזאַמען...

מיט פרום פאַרטרויען קוקן אין דער ווייטנס אירע אויגן,
און צו יעדנס אויער
גרייכט אַ שעפּטש פון אירע ליפּן קוים באַווויגן:
„ס׳איז דאָ פאַרגעלטונג פאַר דיין אויסגעשעפּטער קראַפט!
ס׳איז דאָ אַ האָפענונג פאַר דיין נאָכפאָלגערשאַפט!״

און ווען ס׳האָט צום סוף אַ נייער טאָג גענומען אויפגיין,
האָט די עדה אָפּגעשטעלט זיך ביי דער פּראָסנע.
שטיל געשוויגן האָבן אין דער לופט די פייגל,
נאָר נישט אָפּגעטאָן זיך האָט פון טרייסטונג מער דער קלאַנג;
און אין דעם ציר פון תורה־גלאַנץ, מיתנגדיש,
און אין דעם ווייסן פייער־פלאַם, חסידיש,
האָט נישט אויפגעהערט שווין דער זינג־זאַנג
פון י ִ ד י ש.

ב׳

ערגעץ אין אַ חרובער מדינה,
איז צווישן רויכערנדיקע רואינען
אָן איינציק הייזל גאַנץ געבליבן שטיין.

שווער באַוועגן זיך נאָך שאָטנס אינעם חדר;
ס'איז ווי ס'וואָלט אַן אַפּגייענדיקן דאָ געקומען ווער באַגלייטן;
פונקען שטייגן, גייען אויף און פאַלן;
און אויף די ווענט פון אַלע פיר זייטן
וואַרפן ציטעריק זיך דורך פאַרשווינדנדיקע שטראַלן.

ס'האָט אין דרויסן איינגעשטילט זיך שוין דער ווינט
און אויפגעהערט ס'אומהיימלעכע וויברירן האָט די שויב,
נאָר פון ווייטן הערט זיך בלויז אַ ברומען,
ווי אַ וואָרקען, אומאויפהערלעך, פון אַ טויב.

מיט אויגן טיף אַראָפּגעלאָזטע צו דער ערד,
זיצט אַ פרוי געהילט אין תכלת;
לויכטנדיק דער שטערן, ס'פּנים אויסגעצערט,
זיצט זי זיבן טעג און נעכט שוין אין אבלות.

ווי אַ הייליקייט, וואָס איז געשענדט,
באַלויכטן פון אַ ליכט, וואָס טריפט און האַלט ביים אויסגיין,
זיצט זי ווי פאַרשטיינערט, ס'ציקן בלויז די הענט —
אַליין, בלויז מיט די ליידיקע פיר ווענט.

פאַרטאָגס... אַ בלאַסע ראָזקייט אויפן מיזרח-הימל...
אויסגעגאַנגען זענען שוין די טעג פון שבעה-וואָך,
איז זי שטיין געבליבן פאַרן פענצטער,
ווו שווינדנדיק די נאַכט זיך שאָטנט נאָך.

ס'פאַלט, ווי שניי, אַ שווייגן;
ס'ציטערן די ליפּן אירע, ווי אין קראַמף באַוועגן,
און נישט פון אַ געבעט ביים בענטשן שבת-ליכט
מיט פרום פאַרמאַכטע אויגן,
נאָר זאָגנדיק אַן קול בלחש
ביחידות: ק ד י ש.

ג׳

איבער גרענעצן און ווייטן, כ׳קלאַפּ אין טויער פון דיין היכל!
כ׳בין אַן איבערבלייב, אַ נאָמען;
כ׳בין אַנטרונען, גאַנץ און ניצול, נאָר געמינערט, זיי מיר מוחל!
ס׳איז די פרייד, וואָס שעמעוודיק פאַרפרירט,
און ס׳גליוווערט קאַלט אויף ליפּן מיר דער שמייכל.

מיך האָבן ריטער נישט דערשמיסן,
קאַלך־אויוונס נישט דערברענט;
ס׳האָבן הינט מיך נישט צעריסן,
און די שאַנד — מיך נישט פאַרלענדט;
ס׳האָבן סמעדיקע רויכן מיך געשווינט און אויסגעמיטן,
און געגרייטע שאַרף פון מעסערס — נישט דערשניטן.

לעב איך, כאָטש פון דיר פאַרפרעמדט;
צווישן פרעמדע, כאָטש פון אייגענעם שטאַם.
זיי, וואָס שניידיק אָכצן הויך
אַרום אַ קרבן עולה־פלאַם;
וואָס טיף אין דביקות טאַנצן פרום,
אַרום אַ פייער־אָפּער בראַנד...

כ׳האָב געהערט זיי שרייען, אַז דו האָסט געגרייזט,
נאָר איך געדענק דאָך
ווי דו האָסט מיט לעצטן ביסן מיך געשפּייזט;
און פון דיין היימיש ברויט געשמאַקן
האָב איך ביז צו זעט געגעסן,
היינט ווי זאָל איך איצט מיך אָפּקערן, פאַרגעסן?

אוי, נישט פאַרלייקענען, פאַרגעסן,
נישט פאַרוואַרפן דיך פּחדניש,
ערגער נאָך ווי אַן אומדאַנקבאַרע שלאַנג.
זאָל שוין בעסער
פון מיין קעל נישט מער אַרויס קיין קלאַנג,
איידער אומגעטריי
פאַרלאָזן זאָל איך די געצעלטן דיינע, י י ִ ד י ש !

בריסל, 1945.

## וועלט־שטייגער

...ווייל אַזוי איז דער שטייגער פון דער וועלט,
אַז ווען אויפן פּנים פון אַ מענטש
עס לייגט זיך אויס אַן אומגליק, וואָס נישט איבערצוטראָגן,
לייכט באַלד אויף די צעמישטקייט אין זיין בליק
און ער ווייסט נישט מער פון וואָס און ווען צו זאָגן.
אַזוי קען ער נאָך ווייטער הויזן מיט אַנדערע צוזאַמען
און, פּונקט ווי ביז אַהער, צווישן זיי נעכטיקן און טאָגן.

דערפאַר קומט אַ שבח דעם כביכול,
וואָס אין זיין חסד רחמים,
האָט ער אָפּגעטעמפּט אונדזער שכל.
אונדזערע חושים האָט ער פעסט פאַרריגלט
און מיט אַ תמעוואַטן שמייכל
האָט ער אונדזער פּנים אָפּגעזיגלט.
דאָס האָט ער אַלץ געטאָן אַזוי מיט זיין גענאָד,
אַז מיר זאָלן ראוי זיין, מסוגל
צו דער קענטשאַפט פון נישט הערן און נישט זען,
כדי ס׳זאָל אַלץ פאַר אונדזערטוועגן זיין ווי נישט געווען.

אונדזער זיכרון האָט ער באַפוילן ער זאָל זיין
ווי אַ גלאַט אויסגערונדיקטער שטיין,
וואָס גליטשט און קוילערט זיך אויף אַלץ אַריבער
און לאָזט אין פאַרגעסעניש אַלצדינג איבער.

ווייל... ווען, חלילה, נישט,
ווי וואָלט דען נאָך אַ מענטש געקענט קייען זיין ברויט ?
ווי וואָלט עד נאָך געקענט שרעקן זיך פאַר דער נויט ?
ווי וואָלט ער נאָך געקענט פילן דעם טעם פון זינד ?
געבן אַ פריינט די האַנט, שמייכלען צו אַ קינד ?
און אַפילו טרויערן ווי וואָלט ער נאָך געקענט ?

ווייל אויך די דורכזיכטיקסטע טרער,
קען אַמאָל זיין צו שווער
אויף דער שאָל פון אַן אויסגעגלייכטער וואָג;
און אַפילו דער צער
בלייבט שטיין ווי אַ נאַר
אין דער אַנטבלויזטקייט פון רויען ליכט פון טאָג.

לאָבן מיר זיך מיט אונדזער געשמאַקן שלאָף;
אין אונדזער עסן —
פילן מיר נישט דעם טעם
פון זיין אַן אומזיסט געקוילעטע שאָף;
און דורכן שוים פון ווײַן —
הערן מיר נישט, ביים טרינקען מיט פריינט,
דאָס ריזלען פון אַ שטום געוויין.

ווייל פונקט ווי אויספילן ליידיקייטן פון אַ לעבן,
קענען בלויז נאָר טענער שיכורע פון דזאשז,
אזוי קען נאָר פאַרשייט געלעכטער פאַרן אויג פאַרהוילן
הענט געליימטע דורך אַנמעכטיקן האַס,
און שווידער-שרעק מטורעפע פון גרוילן.

בריסל, 1948.

# דיאַלאָג אין בין־השמשות

— ס'האָט מיין אויג נישט אויסגעלאָשן
הענקערס טאַנץ אַרום דער שטריק,
נאָר ס'האָט דעם שכנס טעמפּער מיטלייד
מיר פאַרטונקלט בלויז מיין בליק.

נישט ס'געוואָי פון ווילדן שבט
האָט פאַרטויבט מיין אויער;
ס'איז מיין האַרץ בלויז אָפּגעשטאָרבן
פון אַ מענטשס באַדויער.

*

— ווידער דער ייִד
מיט זיין איבערגעלאַדענעם געמיט.
ווי ראַנד־שוימיקער צעגאָס,
שטראָמט זיין קידער־ווידער־ליד.
ווי אַ פאַרפלייץ,
דרינגט עס אַדורך די ווענט
און בויערט זיך אַ וועג
ביז צום קינד אין דער וויג;
מיט בראַנדן פאַרשפּיצט,
האָט עס זיך איינגעעקבערט אין מוח
און מיט נעגל זיך פאַרקריצט,
פּונקט ווי ביי טיטוסן די פליג.

פאַרוואָס זאָל שטענדיק זיין צעקרומט זיין פּנים?
פאַרוואָס אויף רייד פון חסד זאָל ער ענטפערן מיט שפּאָט?
פאַרביסנקייט פאַרזשמורעט ער אין אויג
און אומדערבאַרמיקע נקמה איז זיין גאָט!

ווי סמעדיקע פּרוכט וואַקסט אומרו אויף זיין גרונט
און איינגעגעסן אין זיין הויט איז די טענה:
„פלייש פון לייב אַ פונט"...

*

— אוודאי וויים איך, אַז ס'איז איצט די שעה פון „אַנדזשעלוס",
פון קטורת שמעקעדיקער און פון „מעסעס";
ס'איז נישט די צייט איצט צו דערמאָנען גאָר
די טויזנטער מאָל טויזנט ארבע מיתות.

ס'איז וויל די שעה פון טורעם-גלאָקן קלאַנגען.
נישט די נאַכט פון „לאַנגע מעסער-קלונגען"
ווען ס'שפּריצט דאָס בלוט פּאַר פרייד פון הפקר-יונגען,
היינט וואָס קען מען דאָ נאָך מער פאַרלאַנגען?

*

— וואָס טויגן אָנצוהערענישן, וויליק-בייזע רייד?
צו וואָס דערמאָנען גאָר וואָס ס'איז פאַרגאַנגען?
ס'איז קורץ דאָס לעבן, קאַרג — די פרייד;
און איז דען נישט דאָס אומגליק שטענדיק גרייט
אַ י ע ד נ ם ביסל נחת אין זיין נעץ צו פאַנגען?
„ווען גאָט האָט ליב דעם שטראָפט ער",
צי שטייט נישט הייליק אין דער שריפט אַזוי געשריבן?
פאַרוואָס נישט נעמען אַלץ פאַר ליב וואָס קומט פון פאָטער,
ווי ס'איז פאַר יעדן איינעם נאָר באַשערט געבליבן?

צי דאַרף נישט קושן דען די רוט געטריי
דער, וועמענס לייב זי האָט געצייכנט ווי מיט בליי
און דאָך אים נישט צום טויט דערשמיסן?

ס'איז דיין זיכרון היינט דיין גרעסטע פּלאָג...
וואָלסטו אַנדערע רואיִק כאָטש געלאָזט געניסן
פון דעם חלק, וואָס איז אָפּגעוווֹיגן זיי אויף וואָג!
געדולדיקייט אַליין קען נאָר דעם הימלס כעס שטילן,
ווייל ס'איז אונטערוואָרפנקייט זיין זיסטער קרבן
און פרידן שענקט ער דעם, וואָס מינדערוועדטיק איז זיין ווילן.

*

— אוי, ניין! כ'וועל סיי ווי סיי אין יום־טוב שעהן און חגאות
קומען אויסלעשן פונסניי דיין פרייד,
אין בלענדעניש פון בעלער זען וועסטו מיין שאָטן
פלאַטערן אויף קליידער פון געצירטן זייד.

די אַש פון מיין געביין וועט שטויבן אין דיין גאָרטן;
כ'וועל גרייכן דיך אַדורך די שטעכעדיקסטע צוימען;
כ'וועל יערן אין דיין טייג און אויפגיין אין די ברויטן;
כ'וועל אין ווין צעברויזטן דיר אויפשוימען.

אין דיין פריש פאַרזייטן פעלד
כ'וועל זיין אַ טשאַטע פייגל;
וועסט אויף יאַגד, אין וואַלד, מיין ווידערקול דערהערן,
און דעם שאָרך פון מיינע טריט — אין קנאַק פון מינדסטן צווייגל.

אויף די לוסטיקסטע שפּאַצירן
הערן וועסטו פון אַ גוסס־ליפּ די קללות,
און אין טענץ אין גלוסטיקע פון דזשאַזן —
די פון שרעק דערשטיקטע קינדערשע יללות.

אזוי ווי ווינט, וואָס מאָנט אין קוימען,
קומען וועל איך אין די נעכט פון שטראָף;
באַהעפטן וועל איך מיך מיט דיינע טרוימען,
און באַפעלקערן מיט איבערשרעק דיין שלאָף.

ביז וואַנען ס'וועט דיין האַרץ אַ וועג נישט אויסגעפינען
פון איבערזעטיקייט צום ברודערס פיין;
ביז ווּעסט אַליין נישט ווערן לייד פון זיינע לייד
און ביז ס'וועט נישט ג ע ר ע כ ט י ק י י ט דיין ווילטאָג זיין.

בריסל, 1947

# ממעמקים

„ווען איך זאָל רופן און ער זאָל ענטפערן,
וועל איך נאָך אַלץ מיר נישט צוגלייבן,
אַז ער האָט מיין קול פאַרנומען.”
(איוב ט, 16)

פון פאַרוואָרפעניש׳ן רוף איך דיך,
כאָטש כ׳ווייס דו וועסט נישט הערן —
ווייס איך דאָך, אַז אַלץ פאַרגייט
און ס׳וועט מיין וויסן אויך אויפהערן.

ווי אין הייסן מידבר-לאַנד,
ברענט ווי בראַנד אַ דורשט אין מיר;
און ס׳ווערט מיין אינגעווייד פאַרלענדט
פון הונגער-פיין נאָך דיר.

אַרום מיין קאָפּ צעהאַמערט פלאַמט
און פייערט רויט פון ווונד אַ קרוין;
צי פעלט דיר אוים אַן איינציק וואָרט?
צי קאַרגסטו מיר מיין הונגער-לוין?

פאַר יעדן שלייף בין איך אַ האַלדז,
פאַר יעדן ציל — אַ ברעט;
צי קען די שטראָף דען זיין די זינד
און דיין פסק-דין — מיין חטא?

נאָר אויב מיין הילף איז נישט ביי דיר,
ווי זאָל איך חוץ דיר גלייבן?
אויב קען איך דיר נישט מער פאַרטרויען,
ווי זאָל איך אַן דיר בלייבן?

און אומפאַרמיידלעך און נישט אַנדערש,
טעגלעך ווידער מ ו ז איך ועלן
אין דיין שאָטן פלאַמיק אויפגיין,
שטרויכלען שווער אויף דיינע שוועלן.

כ׳פאַל און הענג אָן דיר געקלאַמערט ;
כ׳לעסטער אין געבעט ;
כ׳וואָרט פון דיר אַ פינגער-צייכן ;
כ׳זוך דיך אין געשפּעט ;

*

און ס׳טרעפט אין צימצום פון אַ רגע,
אַז אותיות, ווי פינגער-שטראַלן,
רייסן זיך אַדורך די וואָלקנס
און, ווי שטערנס, זיך צעפאַלן.

ליג איך שטוינענדיק אויף דר׳ערד ;
און אויסגעשטרעקט אין שטויב —
לייען איך דאָס וואָרט אין שווינדן,
ס׳פלאַטערדיקע : ג ל ו י ב !

# ו א ת ח נ ן

**ואתחנן...**
**און איך האָב געבעטן ביי גאָט**
**אין יענער צייט.**

(דברים ג׳, 23—26)

ואתחנן...
פון די פליינען פון הייסן מואַב קומט דער געפליסטער; פון יענעם מידבר־יישוב, פון וואַנען ס׳וועט שפּעטער אויפגיין רות המואַביה, די מאַמע פון דוויד המלכּם הויז, דאָס הויז פון דעם שטילן משורר, וואָס וועט אויף דער האַרף אויסגיסן זיינע אייביקע תפילה־געזאַנגען.
ואתחנן...
די דורשטיקע רייד פון מענטש, וואָס וויל נישט פאַרגיין; וואָס קען זיך נישט מייאש זיין; דאָס נישט־געהערטע געבעט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיטן ערשטן שפּראָץ פון לעבן און דויערט נאָך ביזן היינטיקן טאָג.
ואתחנן...
דער נישט־אויסגעוויינטער צער, וואָס ליגט באַהאַלטן אין אַלע תפילות; דער לעצטער רוף פון הילפלאָזן, דער פאַרצווייפלטער פּרוּוו אָפּצוּווענדן דעם גזר, וועלכער האָט שוין אָנגעהויבן צו ווערן אויסגעפירט.



אין חדר האָבן זיך די פאַרנאַכטיקע שאָטנס צעלייגט אויף די ווענט. דער רבי שפּיצט אָן די אויערן און ער שטייט אויף פון זיין זיץ ביים עק טיש. מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן נעמט ער שפּאַנען אויף און אָפּ און בלייבט שטיין אינמיטן שטוב אָנגעשפּאַרט אויף זיין שטעקן. זיין רייסע באָרד וואַרפט אָן אָפּשיין אין דער טונקלעניש און, צוזאַמען מיט די תלמידים אויף די צעוויגטע בענק, הערט ער זיך צו צום זינג־זאַנג פון די צוויי יינגלעך, וואָס פאַרטייטשן די סדרה פון דער וואָך:
ואתחנן...
די קינדערשע הערצער האָבן אויפגעציטערט: משה רבינו! דער פורכטיקער! דער חבר פון רבונו של עולם! וואָס ער רעדט מיט אים פּנים אל פּנים און ער

פועלט ביי אים וואָס נאָר ער וויל! ער שטייט גאָר איצט אַ פאַרלווירענער אין זיין עלנטקייט, אָן שום כוח, און אַ געפּאַלענער ביי זיך ציט ער אויס זיינע הענט אין אַ געבעט, וואָס וועט נישט ווערן אָנגענומען.

ואתחנן...

די שאָטנס זענען געוואָרן געדיכטער און זיך באַהאַפּטן איינער צום אַנדערן. באַלד וועט ווערן פינצטער און דער רבי וועט אָנצינדן דאָס נאַפט-לעמפּל איבערן לאַנגן טיש. צעשראָקענע. וועלן זיך די שאָטנס צעלויפן אין די ווינקלען, אָבער די האַרבע שווערקייט וועט נישט פאַרשווינדן. פאַרן רבין מיט די חדר־יינגלעך וועט נאָך אַלץ שטיין אַן איינגעבויגענער דער גרויסער משה רבינו און ער וועט צום וויפלטן מאָל זאָגן:

ואתחנן...

*

(...) וואָרום דו וועסט נישט אַריבערגיין
דעם דאָזיקן ירדן.

(דברים ג, 27)

ס׳איז געווען אַ חמימהדיקער טאָג,
און הויך אין הימל-געוועלב איז די זון געשטאַנען אַ צעגליטע;
ס׳איז אין טאָל, אַקעגן בית פעור,
דאָס גאַנצע פאָלק געשטאַנען, אַלט און יונג,
און איטלעכע משפחה פאַר איר אייגענעם געצעלט,
האָט מיט די אויגן טריי באַגלייט דעם מנהיג משה,
ווען, איינער און אַליין, ער האָט געלאָזט זיך גיין זיין לעצטן גאַנג.

ס׳איז אַלץ אַרום געווען טויט-שטיל.
ס׳האָט אויסגעזען ווי אויך דער מידבר-ווינט
וואָלט איינגעהאַלטן זיין צעברענטן אָטעם
צוזאַמען מיט דער מחנה,
וואָס איז געווען אויפגעטרייסלט און צעאַקערט,
זעענדיק ווי משה, דער גרויס-געאַכפּערטער אויף אַלע צייטן,
ווי פאַרלוירן און ווי קליין
ער שטייט צופוסנס דעם גיגאַנט, דעם באַרג נבו.

דער הימל, וואָס איז פריִער ערשט געווען לויטער
און פון מינדסטן נעפל נישט פאַרהויכט
(כדי ס׳זאָל יעדער קענען זען פון פאָלק
ווי משה גייט אַוועק צום באַרג אויף אים צו שטאַרבן),
האָט אָנגעהויבן צו באַדעקן זיך מיט שווערע וואָלקנס.
די היץ האָט איינגעשטילט זיך
און ס׳איז אַ קאַלטער ציטער מיטאַמאָל אַדורך די בני ישראל.

שעהן האָט געדויערט
ביז ס׳איז משה אויפן באַרג אַרויפגעקומען.
ס׳איז ווייך געוואָרן זיין האַרץ,
ווען ער האָט אויבן מיטאַמאָל דערזען יוכבדן, זיין מאַמע.
זי קוקט אויף אים און שווייגט פאַרצאָגט
און בלויז דורך שלוכצן העשעט זי אַרויס: מיין זון!
נעבן איר שטייט בתיה, פרעהס טאָכטער,
זיין צווייטע מאַמע,
די וואָס האָט פון נילוס אים אַרויסגעצויגן
און אַ נאָמען אים געגעבן.
טרערן זענען פון די אויגן אים גערונען,
אויסגעמישט זיך מיטן שוויים פון פנים.
אַ מילך־ווייסער וואָלקן,
אַרומגעזיימט מיט שטראַלנדיקע ליכטער,
האָט אַדורכגעדרונגען די געדיכטעניש פון כמאַרעס
און אַראָפּגעלאָזט זיך אויפן שפּיץ פון באַרג.
אַן אויסגעשעפּטער. איז משה אויף דער קני געפאַלן,
ער האָט זיין פנים אין די הענט פאַרבאָרגן
און מיט אַן אָפּגעשוואַכטן קול האָט ער תפילה־געטאָן:

האַר פון דער וועלט!
ווי קען איך איצט נישט טראַכטן פון יענער שעה,
ווען אויפן חורב־באַרג, אין מידבר־סיני,
האָסט צום ערשטן מאָל גערעדט צו מיר פון סנה;

ווען ס'האָט געפלאַקערט רויט דער רויער דאָרן
און איז אין פייער נישט פאַרברענט געוואָרן;
ווען צוריק אין לאַנד מיצרים האָסט געשיקט מיך,
פון וואַנען כ'בין ערשט קוים געווען אַנטרונען.

דו ווייסט דאָך וואויל, אַז כ'האָב ביי דיר געבעטן רחמים:
שיק, אֶ ה י ה, נישט דורך מיר!
זאָל עמעצער אַן אַנדערער באַפרייען ס'פאָלק פון פרעהס הענט,
ווייל אומגעשליפן זענען מיינע ווערטער,
ס'איז שווער מיין צונג און האָט קיין קלאָרע רייד נישט,
און אין שטאַמלעניש גייט מיין וואָרט פאַרלוירן.

האָסטו דעמלט דיין הבטחה מיר געגעבן,
אַז דו וועסט אַליין מיר אונטערזאָגן
וואָס און ווי־אַזוי צו רעדן.
איצטער שטיי איך ווידער דאָ פאַר דיר
און ס'איז מיין צונג ערשט טאָפּלט מיר געשטרויכלט.
אוי, ווער וועט העלפן מיר אַצינד,
ווען כ'וויים נישט אָנצוהייבן און נישט אויסצולאָזן!

צי האָב איך דען נישט אויסגעפירט געטריי דיין שליחות
פון דעם ערשטן אָנפאַנג ביז אַהער?
פאַרוואָס זאָל איך געמינערט ווערן הייַנט ביים לעצטן שפּאַן?
אוודאי וויים איך פון דיין פעסט־באַשטענדיקן פאַרלאַנג,
אַז נישט דורך מיר, נאָר דורך יהושוען אַרבן זאָל ישראל זיין ירושה;

נאָר האָב איך דען מיין תלמיד, דעם בן נון,
נישט אָנגעטאָן אין מיינע קליידער,
אַז ע ר זאָל, לויט דיין ווילן,
ש ו י ן די שליחות איבערנעמען?

אָבער לאָז מיך בלייבן מיט די מינדסטע פונעם פאָלק,
ווו צווישן אַלע זעכציק מאָל צען טויזנט

ס׳וועט מיך קיינער נישט דערקענען!
לאָז מיך זען די קייט פון די לבנון-בערג
פאַרהויבן הויך מיט קרוינען-קעפּ פון שניי
אין טיפע בלויקייטן פון הימל!
ס׳איז דאָך אפשר נאָר געווענדט בלויז איינציק אין אַ טאָג,
וואָס האָט קיין חשיבות נישט ביי דעם,
וואָס אים געהערן אַלע אייביקייטן.
און אויב, זאָל גאָר די שעה נישט זיין,
זיי זאָלן מאָרגן פונדאָסניי נאָך ווידערשפּעניקן,
וועל איך אַלץ נאָך קענען איינשטעלן מיך פאַר זיי,
אַז ס׳זאָל דיין צאָרן נישט, חלילה, זיי פאַרלענדן.

ווי נעכטן אויף דער שוועל פון אוהל מועד,
פאַרנעמט ער אויפדאָסניי די רייד, וואָס צינדן אָן די לופט.
טיף פאַרבאָרגט ער אין די פלאַכן פון די הענט זיין פּנים
און אין פלאַטערניש, ווי דורך אַ ברומענדיקן ווינט,
דערהערט ער רופן שאַרף זיין נאָמען:

— משה בן עמרם, געווּג דיר!
פאַרוועקסל נישט וואָס ס׳איז אומפאַרמיידלעך מיט גזירה.
לערן, אַז דער סדר עולם
איז דער אונטערשפּאַר דער זיכערסטער פון מענטש.
און דאַרפסטו דען נישט זיין דער ערשטער צו באַנעמען,
אַז ס׳איז אַן אייביקע נישט-דורכדרינגלעכקייט פאַראַנען,
אין באַשאַפונג-סוד?

צי קענסטו זאָגן דער לבנה זי זאָל וואַרטן?
אַז ס׳זאָל די זון אין מערב-זייט נישט אונטערגיין?
בלויז איינמאָל דאַרף זיך טרעפן אַזאַ זאַך מיט דעם בן נון,
וואָס וועט אין גבעון אָפּשטעלן די זון
און באַפעלן דער לבנה זי זאָל בלייבן שטיין אין אַילון.

נאָר ס׳וועט דער נס געשען אין זכות פון גאַנצן פאָלק:
ער זאָל די פינף מלכים פון אמורי שלאָגן
און מאַכן פריי דעם וועג צום לאַנד פון זיינע אבות.
אָבער נישט פ אַ ר אים און נישט נ אָ ך אים
וועט זיין מער אַזאַ טאָג!

צי וואָלסטו בעסער דען געוואָלט, אַז ס׳זאָל דער וווּנדער היינט געשען,
נאָר בלויז דערפאַר, אַז דו זאָלסט נאָך פאַר דיר אַ טאָג געווינען?
מיינסטו טאַקע, אַז אָן דיר וועל איך נישט קענען זיי דערהאַלטן?
אין יעדן דור וועל איך זיי אויפשטעלן אַ נביא,
וואָס וועט פאַר זייערטוועגן זיין אַ מליץ יושר.
ווייל האָסטו דיין נאָכפאָלגער יהושע אָנגעטאָן די בגדי מלכות.
אָבער ווייסטו נישט, מיין זון, אַז כל זמן דו לעבסט,
קען נישט יהושע איבערנעמען די ממשלה,
קען ישראל נישט אַריבערגיין דעם ירדן.
פאַרוואָס זאָלסטו אויפהאַלטן די גאולה פון מיין פאָלק?

אונטן, אינעם טאָל, פאַלט צו די נאַכט
און אויבן, אויפן באַרג, האַלט די זון שוין ביים פאַרגיין.
משה איז געפאַלן כורעים,
און זיין מאַיעסטעטישע געשטאַלט
האָט זיך ווי באַהאָפטן צו דער שטיינערדיקער ערד.
באַלויכטן פון די לעצטע זון־שטראַלן,
האָט ער זיין וויים־געלאָקטן קאָפּ דערהויבן
און, אַ געשטאַרקטער, אויף אַ קול הויך אויסגערופן:

— זאָלן בעסער הונדערט משהס אונטערגיין,
איידער ס׳זאָל ישראלס גאולה
אויפגעהאַלטן ווערן בלויז נאָר מיט אַ טאָג אפילו!

פאַרהילט אין אַ געדיכטער טונקלעניש
האָבן זיך די וויסטע מואָב-פּליינען.
ס'איז איינגעטרעטן גרויס אַ פּורכטיק שווייגן,
און טיף-געבוקט האָט יעדער שטיל פאַר זיך אַרויסגעוויינט:

— משה אונדזער רבי,
אונדזער טרייער פאָטער משה
איז איינגעזאַמלט געוואָרן צו זיינע אָבות!

# דער נסיון

## (פריי פון איוב)

פאַרן איינגאַנג פון זיין געצעלט האָט איוב, אַ האַלב-נאַקעטער, זיך גע־וואַלגערט אין שטויב. באַדעקט מיט אַן אויסשלאַק אויף זיין גאַנצן גוף, האָט ער מיט אַ שערבעלע געשאָבן זיין צעשוואָלענע הויט.

דער שטויב איז אַריינגעדרונגען אין זיינע אָפענע ווונדן, און אויפגעריסן זענען געווען זיינע אויגן, מיט וועלכע ער האָט שטומערהייט באַטראַכט זיינע פריינט, וואָס זענען פון קדם-לאַנד געקומען אין דער שטאָט עוץ אים צו טרייסטן.

זיבן טעג און נעכט האָבן זיך אָפּגעוועקסלט אָן דעם, אַז ס׳זאָל די לופט האָבן באַוויגן אַ מענטשלעכער קול; אַזוי איז דער ווייטיק געווען גרויס. אויפן אַכטן טאָג האָט איוב אויפגעעפנט זיין מויל און גענומען שעלטן דעם טאָג פון זיין געבוירן:

הלוואי וואָלט יענעם טאָג געווען צוגענומען חושך און טויט-שאָטן!
און הלוואי וואָלט די נאַכט,
ווען מען האָט געזאָגט, אַז אַ יינגל איז אויף דער וועלט געקומען,
נישט געדאַכט געוואָרן צווישן די מעת-לעתן פון יאָר!
צוזאַמען מיט די גרעסטע פון דער ערד וואָלט איך געלעגן
און מיט פירשטן וואָלט איך איצט געשלאָפן אין רו.
היינט בין איך פון די, וואָס זאָגן צום טאָג: פאַרשווינד!
און צו דער נאַכט: בעסער וואָלסטו נישט געווען געקומען!

האָט בלדד, דער פאַרכמורעטער, גענומען זאָגן:

צי דאַרף נישט דאָס אויער פּרוּוון ווערטער,
פונקט ווי דער גומען פאַרזוכט עסן?
ווילסטו, אַז עס זאָל פון דיינעטוועגן
דער פעלדז ווערן אָוועקגערוקט פון זיין אָרט,
און ס׳זאָל פאַרוואָרלאָזט ווערן די ערד צוליב דיר?
צי קען אויסוואַקסן די שילף-רויר אָן אַ זומפּ?
צי קען גרויס ווערן דער נענופאַר אָן וואַסער?

דער באַשעפער זאָגט צום שניי: פאַל אויף דער ערד!
און פון די הייכן פלייצט ער מיט זיינע גאָס־רעגנס.
ער טוט אָנלאָדענען די וואָלקנס מיט פייכטקייט
און אין די ווייטענישן שפּרייט ער פאַנאַנדער זיין בליץ.
ס'איז פאַראַן אַ גראָב־מינע פאַר זילבער
און אַן אָרט ווו גאָלד טוט מען לייטערן.
אייזן ווערט גענומען פון דער ערד
און פון שטיין שמעלצט מען קופּער.
אָבער ווער קען זאָגן פונוואַנען ס'שטאַמט די חכמה
און ווו ס'איז דער קוואַל פון פאַרשטענדיקייט?

פאַרהוילן איז די חכמה פאַר די לעבעדיקע
און פאַר פייגל אין הימל איז דער פאַרשטאַנד פאַרבאָרגן.
בלויז דער, וואָס האָט געמאַכט פאַרן ווינט אַ מאָס,
פאַרן רעגן אַ געזעץ און אַ וועג פאַרן געוויטער.
נאָר ער האָט זיי געזען און באַרעכנט,
זיי אויפגעשטעלט און אויסגעפאָרשט.
בלויז פאַרטרויען דעם באַשעפער איז חכמה
און אָפּקערן זיך פון שלעכטס איז פאַרשטענדיקייט.

דערויף האָט צופר, דער אומגעדולדיקער, זיך אָנגערופן:
ווי לאַנג נאָך וועט דער באַרעדעוודיקער בלייבן אָן ענטפער
און דער מויל־מענטש וועט בלייבן גערעכט?
זיין מענה לשון ברענגט מענטשן צום שווייגן
און ער מיינט, אַז ס'איז שכלדיק זיין וואָרט.

און אליפז, דער תימנער, האָט צוגעגעבן:
נישט פון דער ערד שפּראָצן די ווייטיקן,
נאָר דער מענטש איז צו ווייטיקן געבוירן.
אָבער וווויל איז דעם, וואָס גאָט שטעלט אים צום פּרווו!

וואָרום ער ברענגט די מאַטערנישן
און ער פאַרבינדט אַליין די ווונד.

האָט איוב אויפגעהויבן זיין קול און געזאָגט:

אויב וויל דער כביכול עמעצן אויספּריוון,
פאַרוואָס זאָל דער מענטש ליידן אומזיסט און אומנישט?
פאַרוואָס מאַכט ער דעם מענטש פאַר אַ פּראָבירשטיין
און פאַר אַ לייטערונג פון ריינסטן גאָלד?
וויל דען דער מענטש זיין אַ משל פאַר אַנדערע?
ער וויל דאָך נאָר אין רעכטפאַרטיקייט לעבן זיינע טעג.
וויל דאָך אַפילו דאָס קלענסטע גרעזל
וואַקסן אָן שטער און האָבן רו.
און אויב ווייסט ער טאַקע אַלץ, ווייסט ער דאָך,
אַז מיר גייט נישט אין מיין האָב, וואָס ער האָט פאַרברענט,
אויך נישט אין די יסורים פון מיין לייב,
און אַפילו נישט אין די זין און טעכטער, וואָס ער האָט פאַרלענדט.
— האָט ער דאָך געזאָגט: אַלץ איז מיינס!
אַז ס'איז סיי גוף און סיי נשמה אויך זיין —
אָבער וואָס עס דאַרבט מיין גוף מער ווי צרעת,
איז דאָך נאָר דאָס נישט־פאַרהאַנדן־זיין פון זיין יושר
און דאָס פאַרהוילן בלייבן פון זיין גערעכטיקייט.

קען זיין צו דעם  אַ טרייסטונג?
קען אַ פריינט געפינען צו דעם אַ היילונג?
מיינע פריינט זאָגן מיר, אַז עס געשיקט זיך נישט פאַר אַ מענטש,
אים צו זאָגן: וואָס טוסטו?

און מיין אייגן ווייב זאָגט מיר:
צו וואָס האַלטסטו דיך נאָך ביי דיין פרומקייט?
בעסער לעסטער אים און שטאַרב!...

אָבער אָנגעוויזן איז דער מענטש אויף זיך אַליין
און אַליין מוז ער אויסטראָגן זיין באַשערטקייט.
קיינער קען נישט אָטעמען פאַר זיינעט וועגן,
פונקט ווי די געבורט-ווייען
קען נאָר איבערטראָגן די געווינערין.
אַן איינזאַמער קומט דער מענטש אויף דער וועלט
און אַליין בלייבט ער ביזן סוף פון זיינע טעג.
ס'פרייען זיך וועל מיט אים זיינע פריינט,
אָבער אין טאָג פון זיין אומגליק
וועלן סיי ווי זיינע מעשים זיין אומווירדיק אין זייערע אויגן.

וואָס איז דען דער חלק פון די מענטשן ביי גאָט ?
הונגעריקע, טראָגן זיי די גאַרבן תבואה,
וויינקעלערס טרעטן זיי און בלייבן דאַרשטיק.
ס'יאָגן זיך נאָך זיי וואַסערן, ווי אָפּשרעקענישן,
און דער מזרח-ווינט שליידערט זיי אַוועק.
זאָל דער מענטש וועלן אַנטלויפן פון אַן אייזערנעם וואָפן,
וועט אים דורכלעכערן אַ קופּערנע פייל.

אָבער צי וויל ד ע ר, וואָס קען אַלץ באַווייזן, אַ געטריבן בלאַט אָפּשרעקן ?
צי אויף אַ פאַרטרוקנטער שטרוי וויל ער מאַכן אַ געיעג ?
וואָס פאַרוואָ באַדייט האָט אַלץ אין זיינע אויגן ?

ווען ס'זאָל עמעצער אַמאָל מיינע ווערטער אויפצייכענען
און אַפּלו זיי אין אַ בוך פאַרשרייבן
וועט דען פון אַ פאַרשטיקט געשריי קענען ווערן אַ לערנונג ?
ווען אַפילו איך זאָל זיין גערעכט,
וועט מיין אייגענע צונג מיך באַשולדיקן
און מיינע ליפּן וועלן עדות זאָגן קעגן מיר.

ווען איך זאָל רופן צו אים און ער זאָל ענטפערן,
וועל איך נאָך אַלץ מיר נישט צוגלייבן,

אַז ער האָט מיין קול פאַרנומען.
פונקט ווי אַ לייב יאָגט ער מיך
און ער בייט נאָכאַנאַנד זיין חייל קעגן מיר.
ווי מילך האָט ער מיך אויסגעגאָסן
און ווי קעז האָט ער מיך פאַרגליווערט.
זעט ער דען נישט אַלע מיינע וועגן
און ציילט ער דען נישט אַלע מיינע טריט?
זאָל ער מיך וועגן אויף פּינקטלעכע וואָגשאָלן,
כדי מיך צו מישפּטן לויט מיין אומשולד.

צי האָב איך נישט מיטגעוויינט מיטן שווער־געפּרוּווטן
און צי האָט זיך מיין זעל נישט געקומערט פאַרן נויטליידנדיקן?
מיט דער וואָל פון מיינע שאָף פלעגט זיך וואַרעמען דער אָרעמאַן
און דער יתום איז אויפגעוואַקסן אין מיין הויז ווי ביי אַ פאָטער.
און אויב מיין פעלד שרייט אַקעגן מיר,
אַז כ'זאָל האָבן געגעסן זיין קראַפט אָן מי,
מעג טאַקע אַנשטאָט ווייץ אויפגיין אַ דאָרן
און אַנשטאָט גערשטן — ווילדערניש.

ווידער איז געוואָרן שטיל פאַרן געצעלט. איוב האָט, אַ שווייגנדיקער, באַטראַכט זיינע מיטשמועסערס. אַ פאַרגליווערטע לופט האָט אַראָפּגעבויגן זייערע קעפּ צו דער ערד. אויף מערב־זייט האָט די זון, ווי אַ קנויל פון האַלב־פאַרלאָשענעם פייער, זיך געקוילערט צום פאַרגיין, איבערלאָזנדיק אויפן האָריזאָנט אַ קוים־מערקלעכן אָפּשיין, וואָס האָט אויפגעהעלט די צופאַלנדיקע נאַכט.

**קעערבערגען, 1966.**

# חוני המעגל

## (לויט אַ תלמודישער לעגענדע)

„או חברותאָ או מיתותאָ"
(תענית, כ"ג.)

ס'איז געווען פאַר לאַנגע צייטן
אַ באַרימטער תנא חוני,
וואָס געווען איז הויך געאַכפּערט
און געליבט ביי אַלע שטאָט־לייט
פאַר דער חכמה, צידקות גרויסער
און דער תמימות, גוטסקייט זיינער.

איז אַ הונגער אויפן לאַנד געקומען.
ס'שיט די זון מיט פייער־פלאַם,
פאַרשרפעט איז דער שפּראָץ אויף פעלדער,
טייכן שטייען טרוקן,
לאַנקעס — געל און אויסגעקראָכן,
און אויףביימער חלשן די בלעטער.

לויפט מען צו דעם צדיק גרויסן,
אַז ער זאָל דעם גזר אָפּשרייען,
ראַטעווען דאָס פאָלק פון הונגער,
ווייל ס'איז כלו כל הקיצין.

האָט חוני אין זיין האַנט אַ וויסן קרייד גענומען,
ער האָט זיך פאַר דער טיר פון הויז אַוועקגעשטעלט,
אַרום זיך רונד אַ ראָד געצייכנט
און אָנגעהויבן צום כביכול טענהן און אַזוי צו זאָגן:
— כ'טו אַ נדר פון דיין גרויסן נאָמענס וועגן,

אַז איך וועל פון עיגול נישט אַרויסגיין פריער,
ביז עס וועט נישט מיין בקשה ווערן אָנגענומען!

באַלד זענען כמאַרעס שווערע אָנגעלאָפן,
און געדיכט אַ רעגן האָט גענומען גיסן.
טייכן גאַנצע זענען פול געוואָרן,
און ס'איז אויפגעריכט געוואָרן בוים און פלאַנץ.
ווידער האָט אין פעלד גענומען שפּראָצן, גרינען
און ס'איז צוריק צום לעבן אויפגעשטאַנען די יצירה.

צו דערמאָנען אָט דעם נס,
מ'זאָל געדענקען אים אין יעדן דור —
האָט ס'פאָלק מיט ליבשאַפט אים גענומען רופן:
חוני דער בעל-מופת! חוני המעגל!

*

אין אַ פרִיער מאָרגן-שעה
לאָזט זיך חוני המעגל אַרויס אין וועג.
ס'איז דער טאָג ווי נייגעבוירן,
די ערד איז פייכט און שמעקט מיט פרישקייט,
אויף די גראָזן פּערלען נאָך די טויען זיך
פון ערשט פאַרגאַנגענער נאַכט,
און, ווי אַ קינד וואָס איז אַנטוויינט,
אין מיזרח-זייט פון האָריזאָנט,
די זון שטעלט קוים די ערשטע טריט.

אויף זיין אייזל רייטנדיק
איז חוני אין געדאַנקען טיף פאַרטאָן:
— צא ולמד! גיי אין וועג אַרויס און לערן!

ווייל דאָ ליגט די וועלט פאַר דיר אַן אָפענע.
דו קוקסט זיך צו ווי ס׳פרייט זיך אַלץ אין וועלט-באַשאַף
און זעסט דערביי בחוש ווי קורץ דאָס לעבן איז.
ס׳איז טאַקע בלויז אַ שאָטן, וועלכער גייט אַדורך
און, ווי אַ חלום, וואָס פאַרבלייבט נישט לאַנג.

און ווידער קומט אים אויפן רעיון יענער פסוק פון תהילים,
וואָס איז פון תמיד אָן געווען אים קשה:
„ווען ס׳האָט פון בבל גאָט אונדז אומגעקערט קיין ציון,
זענען מיר געוועזן אַלע ווי פאַרטרוימטע״.
פרעגט זיך דאָך אַ קשיא:
ווי קען געמאָלט זיין אַזאַ שלאָף, אַ חלום,
וואָס יאָרן גאַנצע זיבעציק געדויערט? *

✶

צוגעקומען צו אַ יישוב, זעט ער:
פאַר אַ הייזקע שטייט אַן אַלטער מאַן
און פלאַנצט אַ באָקסער-ביימל איין.
גייט ער צו, זאָגט שלום!

און פרעגט זיך ביי דעם מאַן:
— ווי אַלט איז אַ ייד, ביז הונדערט צוואַנציק?
ענטפערט אים יענער: „פינף און זעכציק״

איז מיר — זאָגט ער — גרויס אַ חידוש, היתכן?
האָבן האָ׳מיר דאָך אַ קיימא-לן בפירוש,
אַז ס׳ווערט אַ באָקסער-בוים קוים צייטיק
יאָרן זיבעציק ערשט נאָכן פלאַנצן,

* לויט דער טראַדיציע, האָט גלות בבל געדויערט זיבעציק יאָר.

היינט ווי געשיקט זיך דאָס, אַז ס'זאָל אַ מענטש דערלעבן,
הונדערט פינף און דרייסיק יאָר?

צעשמייכלט זיך דער זקן:
— איך עס די פירות היינט פון בוים,
וואָס ס'האָט מיין זיידע דאָ געפלאַנצט אַמאָל —
איז נישט מער ווי רעכט, אַז שפּעטער
זאָלן אייניקלעך געניסן פון דעם זיידנס מי.

געזען האָט דער תנא דער גרויסער אין חכמה,
אַז אַ פּשוטער ייד האָט אים עפּעס געלערנט.
דערמאָנט האָט ער זיך אָן דעם פּסוק פון תהילים:
„פון אַלע האָב איך געלערנט און קליגער געוואָרן".

*

ווען חוני איז צוריק אין וועג אַרויסגעריטן,
איז אַ מידקייט אַ שווערע אים פּלוצים באַפאַלן.
דערזעט ער אַ פעלדז אין דער זייט פונעם וועג,
און, צעווייגט הינטער אים, אַ פּאַלמע־בוים גרינט.
לאָזט ער דעם אייזל זיך פּאַשן אין גראָז
און ער זעצט זיך אַוועק אינעם שאָטן פון בוים
זיך אַ רגעלע רו צו פאַרגינען.

באַלד האָבן זיך אים די אויגן געקלעפּט
און ס'האָט אים פאַרוויגט דער גערויש פון די צווייגן.
עפּעס געהאַריש אַ תשוקה צום שלאָפן
האָט צוגעשמידט פעסט אים צום אָרט.
האָט ער אויסגעלייגט זיך מיטן מאַנטל צוקאָפּנס
און תיכף אַנטשלאָפן געוואָרן.

*

ווען חוני המעגל האָט פון שלאָף אויפגעוואַכט,
זענען די איברים געווען אים שווער;
שטאַרק האָט זיין בלוט אין די שלעפן געהאַקט
און עפּעס אַן אומרו האָט אויף אים געהויערט;
ביים זעצן זיך האָט שוין געהאַלטן די זון,
און נידעריק, טריב איז דער הימל געלעגן;
ס'איז טונקל געווען, כאָטש געווען איז נאָך טאָג,
און ס'האָט אין דער לופטן אַן אומעט געשוועבט.

— באַלד ווערט שוין נאַכט — האָט חוני געטראַכט —
און מיט וואַקלדיקע טריט, האָט ער זיין אייזל גענומען זוכן.
נאָר ס'איז קיין אייזל אין ערגעץ נישט געווען צו זען.
דערפאַר אָבער זעט ער אַ בוים אַ געררייפטן,
אַ פּרוכטיקן בוים מיט פאַרפלאָנטערטע צווייגן,
און איינער אַ מענטש רייסט אַן באָקסערן פרישע,
צעשמעקט איז די לופט אַזש פון זייערע בשמים.

— וואָס זאָל דאָס הייסן — איז ער ניבהל, נישתומם —
צוריק ערשט נאָר־וואָס מיט אַ טאָג, צי אַ האַלבן,
פאַרפלאַנצט האָט אַ ביימל אַ גרייז־גרויער זקן;
זאָל עמעץ אַצינדער שוין קלויבן די פירות? —
פרעגט ער דעם מענטשן: דער בוים דער געררייפטער,
ווער האָט אים געפלאַנצט? און ווען איז ער געוואַקסן?

ענטפערט אים יענער:
— מיט יאָרן צוריק האָט אַ באָקסערן־בוים
אויפן דאָזיקן אָרט נאָך מיין זיידע פאַרפלאַנצט.
געשטאָרבן איז דער זיידע, אויך דער פאָטער לעבט נישט מער.
געניס איך פון די פרוכטן מיט ווייב און מיט קינד.

ווען חוני המעגל האָט די רייד נאָר דערהערט,
איז ווי אין אַ חלום געבליבן ער שטיין.
ס'האָט אויסטערלישער נישט געקענט שוין גאָר זיין!
— צי לעב איך נאָך? — האָט ער אַליין ביי זיך גענומען פרעגן —
אָדער צווישן מענטשן וואַכעדיקע גיי איך אום אַ שלאָפנדיקער אין חלומות.

*

לאָזט ער זיך גיין צוריק אין שטאָט אַריין,
צערודערט און מיט אומרו אַ באַשווערטער.
ווייל אומעטום בלויז זעט ער פּנימער ווילד-פרעמדע,
הייזער, גאַסן, פלעצער שפּאָגל-נייע.

נישט ס'קען אים ווער, נישט ער קען וועמען.
פרעגט ער זיך ביי לייטן:
— צי ווייסט איר נישט ווו ס'וווינט דער זון
פון חוני המעגל?

זאָגט אים עמעץ — חונים זון?
פון לאַנג שוין אויף דער וועלט נישטאָ.
נישט ער, זיין ווייב,
און נישט קיין קינד, קיין רינד.

*

בלאָנקעט ער אַרום אַ מידער ביז אין זינקעדיקער נאַכט
און לאָזט זיך צו גאָטס הויז, צום בית-המדרש גיין.
אויך דאָרטן אָבער זעט ער פרעמדע מענטשן זיצן,
אירעם אומבאַקאַנטע ביי דעם לאַנגן טיש.

ס'זיצן לומדים, יונגע לייט און אויך חכמים אַלטע;
ס'שטרייטן מוחות שאַרף אויף שאַרף.
וואָס איינער זאָגט פרעגט אָפּ דער צווייטער;
אַז בחוש מען זעט, ווי אין דער לופטן,
שפּריצן ממש פונקען פייער.

און אין מיטן די וויכוחים
שרייט מיט ברען אַ תלמיד חכם:
— ס'איז אַ פּשיטא, זאָלט איר וויסן,
אַז אַזוי איז די הלכה, הלכתא כוותין!
ווייל אַזוי דעם דין געפּסקנט
האָט מען נאָך אין הונים צייטן!

„אין חונים צייטן?" — שרייט אוים הוני —
דאָס בין איך דאָך הוני! חוני המעגל!
כ'בין ערשט נעכטן דאָ געווען,
בלויז אויף אַ טאָג די שטאָט פאַרלאָזן!
זעט איר דען אַליין נישט, אַז כ'בין חוני?
חוני המעגל?!

לויפן מענטשן זיך צוזאַמען,
קוקן אַלע שטום זיך איבער:
עפּעס דאָרט אַ מענטש אַ זינדיקער, אַ גילגול?
אַ צעדרייטער? צי געררירט פון זינען?
און צושאָקלענדיק די קעפּ —
קערט זיך יעדער פון אים אָפּ.
ס'איז פונקט ווי ס'וואָלט קיין חוני
גאָרנישט אויף דער וועלט געווען.

✶

געמינערט און ביי זיך אַליין געפאַלן,
עלנט און פון אַלעמען פאַרשטויסן —
האָט חוני פאַרן הימל זיך געשטעלט
און היים דעם טויט אויף זיך גענומען בעטן:

— פאַרוואָס זאָל איך געגליכן זיין
צו דעם, וואָס האָט קיין שאָטן נישט?
וואָס אים דרינגט דאָס ליכט פון טאָג אַדורך,
ווי ס'וואָלט נישט קיין ממשות גאָר געהאַט זיין נפש.
אויף אים קוקן לייט און טוען אים נישט זען,
און ס'איז פונקט ווי ס'אָרט אויף וואָס ער שטייט,
וואָלט פוסט געווען און וויסט, פון קיינעם נישט פאַרנומען.

ס'איז ערגער ווי דער טויט אַ סך,
נישט אין זיין צייט צו לעבן.
איז בעסער שוין אַליין אין קבר אָפּצורוען,
איידער, סיי־ווי אַ געשטאָרבענער,
אַרומגיין צווישן לעבעדיקע אויף דער וועלט.

*

אַזוי האָט חוני שטיל פאַר זיך געבעטן,
אַז ס'זאָל צו זיין פאַרשעמטן לעבן נעמען שוין אַן עק.
נאָר ס'איז זיין תפילה נישט דערהערט געוואָרן
און חוני איז נאָך לאַנג געבליבן לעבן.
ער האָט מיט ביטערניש געטראַכט פון יענע צייטן,
ווען ער האָט תקיפותדיק געבעטן אויף אַ רעגן.

— ס'איז לייכטער שוין —
האָט ער געפּלעגט צו זאָגן —
אַ רעגן אויסצופּועלן ;
ס'איז לייכטער שוין אַפילו
אַ לעבן אויסצותפילהן,
איידער אויסצובעטן זיך
צו שטאַרבן ווען מען וויל...

## נ י י  ל ע ב ן

כאָטש כ׳בין געבונדן שוין געלעגן
הויל אויף ערד, ווי ווילד געפאַנג,
איז נאָך אָדלעריש געפלויגן
אין די הייכן מיין פאַרלאַנג.

שוין האָט אין גיריקייט נאָך רויב,
טויזנט-אויגיק י ע נ ע ר מיך אַדורכגעשפּיזט;
דאָך האָב איך, לעבן, דיר געשיקט אַ לויב,
דאָך האָב איך, לעבן, דיר געזאָגט: דו ביסט!

האָט היינט, ווי פייער-צונג, צעגליט מיך דיין באַריר,
און ס׳האָט צעשריגן זיך מיין לאַנג געגאַרטע שעה.
האָב איך פענצטער אויפגעפּראַלט און אויפגעשפּאַרט די טיר,
ווייל ס׳האָט פון צווישן ווענט אַרויסגעיאָגט מיך ערגעץ ווו.

דער וואַלד באַגעגנט מיך מיט יום-טוב.
די זון אַדורך די דינע צווייגן
שפּרייט אוים טעפּיך-ליכטער פאַר מיין גאַנג,
און די נאָדלען אונטער טריט, ווי אַ צעשיטער שרויט,
ריטמען אוים געזאַנג;
אַנטפּלעקן פון דער פרייד דעם סוד, פאַרטרויט.

שמעקנדיק פון איבער-רייפקייט,
טריפט צעבריט אויף קאָרע זאַפט פון ביימער-שטאַמען.
וואַנקלענדיק, ווי פון ליכט פאַרשיכורט,
וויגט זיך גרינג אין האַלבן שלאָף דער טאָג,
ווי ס׳גליטשן כוואַליעס זיך אויף איינגעשטילטע ימען.

נאָר ס'וויל נישט מיין געדאַנק מיר איינגעשלעפערט ווערן,
כאָטש דער וואַלד־גייסט כישופט אַלץ און בלענדט.
מיך יאָגט אַ שטויב פון אַשן נישט דערברענטע,
שטיל געזויש פון פאַרמעטן, געשענדט.

נאָר עפּעס האָט אין וואַלד זיך עמעץ אויפגעכאַפּט
און, ווי אַ ווידערקול, זיין רוף קלאַפּט אָן אין מיין געמיט;
ס'צעקלינגט אין אויער מיר אַ ברייט געלעכטער:
אַז ס'האָט אַ לעבן פונדאַסניי שוין ווידער אויפגעבליט.

.1950

# דערמאָנונג

אויף דער מצבה פון חיים זיידמאַן ז״ל

עפּעס האָט אַ שאָרך געטאָן ווי זיידנס
און ווי אַ פאָכן פון אַ פליגל;
ס׳איז געווען ווי ס׳וואָלט פון ערד־פאַרבאָרגעניש
דערנענטערט זיך געריוש פון וואַסער־ריזלען,
פונקט ווי עמעץ וואָלט אין ערגעץ ווו
פון טיפסטן שלאָף געוועזן אויפגעשטאַנען —
אָבער איך האָב נישט פאַרשטאַנען.

עפּעס האָט באַזאַכט אין חלל זיך באַוויגן.
ס׳איז געוועזן ווי אַ ציטער־גאַנג אין רוים.
דאָס האָט פון אָפּגעשיידטקייט מסתמא
עמעצער געהאַלטן דאָ ביים אָנקומען.
אָבער איך האָב נישט באַנומען.

ביז כ׳האָב דערשפּירט אויף אַקסלען אַ באַריר
פון עמעצנס אַ פינגער,
אַ גלעטן פון אַ פעסטער האַנט, ווי אַ דערמאָנונג,
און כ׳האָב ערשט הינטער מיר דערזען
אַ מוחל־זייענדיקן,
פון אַנטפּלעקטע טריישאַפטן באַשיינט,
דעם פריינט...

בריסל, דעצעמבער 1957.

# אויפגעוויקלט איז דער פאַרמעט

(אויף דער מצבה פון
זיסקינד ראַבינאָוויטש)

אויפגעוויקלט איז דער פאַרמעט,
אַז אַ מענטש זאָל אַרויסלייענען אין דער נאַכט
פון דער פאַרשטיינערטער הויט —
וואָס אַזוינס ס׳האָט עמעצער ביים ראַנד ליגנדיק געטראַכט:

— נאָך אַזאַ אַנגסטיקער נאַכט,
ווען דורך ראַנגלעניש און מאַטערדיקער מי
איך שלעפּ מיך שטרויכלענדיק נאָך מיין אָטעם וואָס אַנטלויפט,
צו וואָס האָט דען שוין געטויגט, אַז ס׳זאָל טאָגן אינדערפרי?

כ׳בין פאַרזונקען שוין געווען אין שלאָף,
פון ים קאָשמאַרן אַ באַרוישטער,
עפן איך די אויגן ווידעראַמאָל אויף
און כ׳זיפץ אָפּ ביטער אַן אַנטוישטער.

אַז מיטן ליכט פון טאָג ווערט נאָך אַנגסטיקער מיין שרעק,
און ס׳נוצט מיר נישט פון מיינע פריינט דאָס געוויין;
אַז ווידער הענג איך איבער רוישנדיקע וואַסערפאַלן,
נישט צו וואַרטן אויף אַנטרינונג און נישט צו קענען אונטערגיין.

און אויב ס׳איז דאָ איינער, וואָס טיילט מתנות און באַשאַפט,
זינגט ער אוים אַ לויב צו זיך אַליין און פאַר זיך אַליין זאָגט ער שירה;
ער איז אין עקסטאַז פון זיין אייגן ווערק, ווי ס׳איז שלימותדיק און גאַנץ,
און ווי שטאַרק און שיין-געשטאַלטיק ס׳איז זיין יצירה.

אָבער שענקען טוט ער נישט קיינעם, נאָר אַלץ איז אויף באָרג,
און, ווי דער וווּכערניק, קומט ער שפּעטער אין געאייל
צוריקצופאָדערן וואָס אים קומט און אָפּצונעמען זיינס,
וואָס צום צייטפאַרטרייב ער האָט פאַרבאָרגט אויף אַ ווייל.

אָבער אויך איך ברום אויף מיין געלעגער און כ'זינג אַ ליד,
אַזוי לאַנג ווי ס'איז מיין קול נאָך נישט אויסגעלאָשן.
מיינע פריינט קוקן אין דערשרעקעניש זיך איבער;
איך ווייס, אַז דאָס רעדן זיי זיך דורך אַזוי אָן לשון:

„וואָס קען באַדייטן פּלוצים דאָ זיין ברומען?
און זיין קוקן אין די ווייטן, איבער אונדז אַריבער?
צי זעט ער עפּעס, הערט ער קלאַנגען, וואָס פון אונדז פאַרהוילן?"
אַזוי שמועסן זיי זיך דורך אָן רייד און קוקן, ווי געפּלעפט, זיך איבער.

דאָס הער איך, פריינט, אַ שלאָף־געזאַנג,
וואָס וויגט מיך איין אויף צייטן;
ס'איז ווייל ס'געזאַנג, וואָס פירט מיך שוין
צום לעבן אָפּגעשיידטן.

דאָס זינג איך איצט מיין אייגן ליד,
מיין סאָלאָ אָן באַגלייטן,
ווייל ס'קומט מיין רו, די זיסע רו,
נאָך האַרבע לייד און שטרייטן.

**בריסל, 1951.**

## נאַכט אין מידבר סיני

פינצטער די נאַכט —
בלויז די קוילן נאָר בליצן אין סטעפּ,
ס׳פייפט דער ווינט אין די דראָטן פון סלופּ,
ס׳פינקלען בלאַסע די שטערן.

צווינג: ווי וואָלט איך געוואָלט,
מיין סאַבראַ, דיך זען כאָטש אַצינד;
ווי בענק איך צו זען
דיינע לאָקן צעשויבערט אין ווינט!

פינצטער די נאַכט —
זי האָט, ליבסטע, אונדז ביידן צעשיידט;
ס׳האָט דער סיני מיט גרויזאַמער ווייט
צווישן אונדז אויסגעשפּרייט זיך.

צווינג: ווי וואָלט איך געוואָלט אאַ״וו.

פינצטער די נאַכט —
ס׳קען מיין שענסטע נישט שלאָפן, איך ווייס,
אירע טרערן צעפיבערטע הייס,
פאַלן שטיל אויף איר קישן.

צווינג: ווי וואָלט איך געוואָלט אאַ״וו.

פינצטער די נאַכט —
בלויז די קוילן נאָר בליצן אין סטעפּ,
ס׳פייפט דער ווינט אין די דראָטן פון סלופּ,
ס׳פינקלען בלאַסע די שטערן.

בריסל, 1956.

# דער פּאַרזיי

ביים הענדלער פון זריעה זיך טוליען צוזאַמען
קערנדלעך צום פּאַרזיי;
מיט חן פון פּאַרטרויען, ווי קינדער צו אַ מאַמען,
זיי פּרעפּלען אַזוי:

— זע, נעם אונדז פון דאַנען, פּאַרזיי אונדז אין טאָל
אין בייטן אין לאַנגע;
וועט קומען אַ טאָג, וועלן זיין מיר אַמאָל
גאָלדענע זאַנגען.

ס׳וועלן דאָרט קינדער באַלד פעלד־בלומען רייסן,
מיט זון צווישן פינגער;
און ס׳וועט קומען רוען אין אַ טאָג אַ הייסן,
אַ וואַנדערער־זינגער.

— — — — —

האָב איך זיי גענומען, געאַקערט, געזייט,
און מיין פעלד איז צעבליט;
באַלד קומען די ברידער פון נאָענט און ווייט
צום יום־טוב פון שניט.

# אַלט־ניי לאַנד

(פּרופ׳ שמואל אייזנשטאַדט)

כאָטש ס׳בלאָזט פייער אין די ווינטן
און אַ קעלט דרינגט דורך די נאַכט —
נאָר געטריי איז די נאַכט היינט,
וואָס איבער דיר וואַכט.

כאָטש דאָס וואַסער איז געמאָסטן
און די ווייטקייט איז אָן וואַלד —
נאָר פון ערד טיף אַ ריזלען
דורך רערן צעקוואַלט.

כאָטש, ווי סטרונעס וואָס פּלאַצן,
פון שאַקאַלן קלאָגט געשריי —
נאָר שוין גלאַנצן פרימאָרגנס
ווי חופּות אין שניי.

כאָטש דאָס פעלד איז מיט שטיינער
און די וועגענער אין זאַמד —
נאָר קומסט אָן באַצייטנס
און האָסט נישט פאַרזאַמט.

און אין סוד פון בראשית,
פון ווערן אויפסניי —
איז רייף אַלץ וואָס יונג איז,
און אַלט איז פריש־ניי!

רפאל קלאַצקין

# אין וויסטעניש פון נגב

(פון העברעיש)

(אויפן מאָטיוו פון „בערבות הנגב")

אין וויסטעניש פון נגב
גלאַנצט דער טוי אין זאַמד ;
ס'איז אין שלאַכט אַ קעמפער
געפאַלן פאַר זיין לאַנד.

געעקט האָט זיך אַ לעבן,
אַ הארץ — זיך אָפּגעשטעלט,
לאָקן־האָר צעשויבערט
גלעט אַ ווינט אין פעלד.

שווער פון צער געבויגן,
ווייי און טרויערקייט,
וויינט אַן אַלטע מאַמע,
ביטערט שטילערהייט :

— פון דער מאַמעס אויגן,
טרערן, גיסט אייך, גיסט !
ס'איז אַ קויל געפלויגן
און האָט איר הארץ פאַרוויסט.

אַ בחור איז געקומען
און ער זאָגט צו איר :
יאַמער נישט מער, מאַמע,
גענוג שוין וויינען דיר.

קינדער פון דער אומה
זענען פאַרן לאַנד,
קעגן שונא, מאַמע,
איצט אַ פעסטע וואַנט.

קעגן דעם באַצווינגער
און פּחדנים פיינט,
וועל איך זיין דיר, מאַמע,
אַ זון געטרייער היינט.

אין וויסטעניש פון נגב
איז דאָס געשען, פאַרוואָר,
„דאָס איז נישט קיין לעגענדע,
אויב איר ווילט דאָס נאָר".

רחל בלאָשטיין

## צו מיין לאַנד

(פון העברעיש)

כ׳באַזינג דיך נישט, מיין לאַנד,
און כ׳שריי נישט אוים דיין לויב
מיט מעשים פון דער שלאַכט
און מיט מלחמה־רויב.
כ׳האָב בלויז אַ בוים פאַרפלאַנצט
אויף ירדנס שטילן ברעג,
כ׳האָב אויסגעטרעטן בלויז
אין פעלד אַ שמאָלן שטעג.

ס׳איז אָרעמלעך און קליין,
— איך ווייס דאָס, מאַמע מיין —
ס׳איז אָרעמלעך און קליין
דיין טאָכטערס האַרץ־געשאַנק:
נאָר בלויז אַ פרייד־געשאַל
צום טאָג וואָס העל דערשיינט,
נאָר בלויז אַ שטיל געוויין
אויף אָרעמקייט אויף דיין.

**רחל בלאָשטיין**

# אפשר גאָר

(פון העברעיש)

(אויפן מאָטיוו פון „ואולי״)

אפשר גאָר
איז דאָס אַלץ נישט געווען אויף דער וואָר?
אפשר גאָר דעם גאָרטן פרי
נישט געשענקט האָב איך קיינמאָל מיין מי?
נישט באַארבעט אים מיט מיין שוויים?
און אפשר גאָר אין די טעג זון־באַגאָסענע היים,
אין די טעג לאַנגע, הייסע פון שניט —
פון דער הייך פון געלאָדענע וועגן אין פעלד
נישט געהערט האָט זיך קיינמאָל מיין ליד?
כ׳האָב קיינמאָל נישט געוויגט זיך
אין לויטערן בלענד פון דיין שוים,
ים כנרת דו מיין, אָ, כנרת דו מיין!
ביסט געוועזן? צי חלום איך בלויז?

שאול טשערניכאָווסקי

# ס'איז דאָ אַ לאַנד ווו־ערגעץ

(פון העברעיִש)

(אויפן מאָטיוו פון „אומרים ישנה ארץ")

ס'איז דאָ אַ לאַנד ווו־ערגעץ,
באַשטראַלט פון אַלע זונען;
דאָס זונען־לאַנד ווו איז עס?
ווו קען מען עס געפינען?

זיבן מאָרגנשטערנס
יעדן פרי דאָרט גליִען —
און פלאַנעטן זיבן
אויף די בערג הויך בליִען.

אַלץ ווערט דאָרט מקוים,
וואָס נאָר אַ מענטש קען האָפן;
האָט אַמאָל דאָרט עמעץ
עקיבאן אָנגעטראָפן.

— שלום דיר, עקיבא,
פריד צו דיר, אָ, רבי!
ווו זענען די קדושים?
און ווו איז דער מכבי?

ענטפערט אים עקיבא,
זאָגט צו אים דער רבי:
— ס'גאַנצע פאָלק איז הייליק,
דו ביסט דער מכבי.

**רחל בלאָשטיין**

## דאָס ליד פון דער עקרה

(פון העברעיש)

וואָלט איך אַ יינגל, אַ זינדל געהאַט,
מיט לאָקן פעך־שוואַרצע באַצירט,
איך וואָלט טריט ביי טריט,
צווישן בלומען צעבליט,
אים ביי דער האַנט שפּאַצירן געפירט.

איך וואָלט אים גערופן: אורילע מיין!
קיין נאָמען קען צאַרטער נישט זיין.
ווי פינקלען פון חן,
ווי זוניקע שיין,
אַזוי וואָלט זיין נאָמען געווען.

ווי רחל, די מאַמע, איך וויין אין די נעכט,
אין האַרצן איך טראָג אוים מיין וויי.
ווי חנה אין שילה,
וועל איך טאָן תפילה
און טעגלעך אַלץ וואַרטן אויפסניי.

# צי געדענקסטו נאָך?

(אויפן מאָטיוו פון „פּאַדמאָסקאָווניע וויעטשעראַ״)

(פּ. ש.)

צי געדענקסטו נאָך דעם לבנה־שטראַל,
וואָס באַזילבערט האָט אונדזער טרוים?
ערגעץ פון דער ווייט קומען קלאַנגען אָן
שטיל אַזוי, אַז איך הער זיי קוים.

דאַכט מיר כ׳הער געריש פון אַ וואַסערפאַל,
איך הער ווי ס׳קלאַפּט דיין האַרץ, וואָס דערוואַכט,
בלעטער סודען זיך, ס׳שושקעט בוים צו בוים,
און דער טייך גלאַנצט אין בלויער נאַכט.

אין דער כישוף־נאַכט, אין דערווײַלטער שעה,
האָט אַ שטערנדל אין דער הייך,
ווי אַ פייער־זייל, איבער אונדזער קאָפּ
זיך געטראָגן מיט אונדז צוגלייך.

אין דער כישוף־נאַכט, ווען ס׳ווערט חלום וואָר,
האָסט דיין ערשטן קוש מיר פאַרטרויט;
ווי אַן איידלשטיין אויף מיין וואַנדער־וועג
לייכט ער מיר אין די טעג פון נויט.

בריסל, 1960.

# אָן מזל

(לויט אַן אוקראַאינישן פֿאָלקסמאָטיוו)

— זאָג, וואָס ביסטו, פֿויערל,
אין מיטן וועג געבליבן שטיין?
האָסטו נישט דיין וועג פֿאַרלוירן?
צי די אָקסן ווילן נישט גיין?

— נישט איך בין אַראָפּ פֿון וועג
און נישט ס׳געשפּאַן האָט זיך געשטעלט,
נאָר דערפֿאַר בלויז איז מיר ביטער:
כ׳בין אָן מזל אויף דער וועלט.

אויפֿצוזוכן וואָס באַשערט,
בין איך לענדער אויסגעוועזן
און כ׳האָב קיין מזל נישט געפֿונען,
נאָר דעם בלויען ים געזען.

שווימט דאָרט ס׳גאָלדן פֿישעלע,
שפּרינגט און פֿרייט זיך מיט זיין פּאָר;
נאָר איך איינער בלייב אַליין
און ס׳שווינדט מיין לעבן יאָר נאָך יאָר.

## צי ווייסטו?

אַרום דיין האַלדז, אויף זיידנשנירן,
האָבן זעכצן צוויבער־יאָרן
גלעקלעך אויסגעהאָנגען;
און ביי יעדן דיינם אַ ריר
צעקלינגען זיי זיך דין און לויטער,
טאַנצן אין אַ ראָד אַרום דיין ברוסט געפאַנגען;
און עס דאַכט זיך, אַז עס שיט זיך
גאָלד אין זון.

ווען דו שווייגסט מיט דיינע הענט אין שוים,
האָסט דיין קאָפּ פאַרוואָרפן אין דער הייך,
און ס׳טראַכטן דיינע אויגן אָפן אַזוי גרוים —
פון וואָס טראַכסטו?

איך האַלט דיין פנים אין די פינגער־שפּיצן.
ס׳שפּיגלען דיינע אויגן.
כ׳וואָלט אַזוי דיך וועלן פרעגן,
אָן אַ קול דיר זאָגן:
ס׳איז, ווי דו, מיין האַרץ אויך יונג.
צי ווייסטו כאָטש? צי ווייסטו?

# וויג־ליד

ס׳ציִען כמאַרעס אויפֿן הימל
און אין שאָטנס שווימט די נאַכט;
ביי דער אַרבעט איז דער טאַטע,
קוילן גראָבט ער אין דער שאַכט.

צוזינג: חנעוודיק יינגעלע מיין,
אין זיסע חלומות שלאָף איין.

אין אַ טויב פֿאַרגליווערט שווייגן,
ביי אַן אויסגעקרומטער וואַנט,
האַמערט ער און טיף ער בויערט
מיט זיין קילאָף אין דער האַנט.

צוזינג: חנעוודיק יינגעלע או״וו

פֿון געפֿאַרן שיצט אַ לעמפּל
אים אין אויסגעהוילטער ערד;
אויפֿריים־שטויב פֿאַרזינקט אין אָפּגרונט
און אַן שפּור פֿאַרשווינדן ווערט.

צוזינג: חנעוודיק יינגעלע או״וו

ס׳קלעמט דאָס האַרץ מיר, ווי מיט צוואַנגען,
ווען איך הער דו וויינסט אין שלאָף;
אויף דער וועלט ווער קען פֿאַרלאַנגען:
אַזאַ בייזע, שווערע שטראָף?

צוזינג: חנעוודיק יינגעלע או״וו

קומען וועט ער אין פרימאָרגן,
קומען וועט ער אונדז צוריק;
ס׳וועט צעהעלט דער הימל לאַכן,
מאַמע וויינען וועט פון גליק.

צוזינג: חנעוודיק יינגעלע מיין,
אין זיסע חלומות שלאָף איין.

בריסל, 1950.

**פראַנץ שובערט**

## דער וואַנדער־שפּילער

(פון דייטש)

(אויפן מאָטיוו פון „אָרגעל־דרעהער")

אויפן ראָג פון גאַסן,
מיט אַ מידער האַנט,
אויף אַ קאַטערינקע
שפּילט ער נאָכאַנאַנד.

באָרוועס אין דיווינטן
שטייט ער דאָרט אַליין;
און זיין טאַץ בלייבט ליידיק
שטענדיק פאַר אים שטיין.

קיינער קומט נישט הערן,
אַלץ איז טויב און שטום,
הינט בלויז בייזע בילן,
שמעקן אים אַרום.

נאָר ער שפּילט אָן אויפהער
ביז די זון פאַרגייט;
ס'שמייכלט בלויז זיין פּנים
ערגעץ אין דער ווייט.

— — — — —

וואַנדער־שפּילער מיינער,
כ'גיי אויך מיט דיר מיט;
וועסט אויף דיינע טענער
אויסשפּילן מיין ליד.

# חלומות

ס'האָט מיך געחלומט אין נאַכטיקן דרימל,
אַז כ'האָב דיך פאַרלוירן, מיין איינציקער הימל!
ביס

כ'האָב אויפגעוואַכט באַלד פון שלאָף פון דעם בייזן
און ווייס שוין, אַז ס'איז בלויז אַ חלום געווען.

ס'שמייכלט דער הימל מיט פרייד מיר אַקעגן,
און ס'טאַנצן די גראָזן און ס'לאַכן די שטעגן;

ס'לאַכן די שטעגן און ס'טאַנצן די גראָזן:
אַז ס'איז נאָר אַ חלום אַ בייזער געווען.

ס'האָט מיך געחלומט, אַז אָרעמס אַ פּאָר
האָבן געהאַלדזט מיך, געקושט אויף דער וואָר.

נאָר ווען כ'האָב דערוואַכט, האָבן וויכערס געבלאָזן:
אַז ס'איז נאָר אַ חלום אַ בלויזער געווען.

בין איך דערגאַנגען און ווייס שוין מיט איינמאָל,
אַז כ'האָב נישט פאַרמאָגט דיך אין ערגעץ נישט קיינמאָל;

און אויך נישט פאַרלוירן. ס'איז אַלץ ווי געווען:
ס'איז אַלץ נאָר אַ חלום, אַ חלום געווען!

# בלעטער פאַלן

כ'זענען בלעטער היינט אַ סך שוין אָנגעפאַלן.
אַ זון פון קאַלטן גאָלד, וואָס לעשט זיך:
קילע, פון אַ זייט פאַרציט זי
בלאַסע שטראַלן.

צוגעטוליעט אין געבינד
הענגען צווייגן פון אַ ווערבע,
ציטערדיק און שווער באַוווֹיגן
פונעם ווינט.

מיט אַ ברומען מיט אַ האַרבן,
פרום דעם גורל אונטערגעבן,
ווי אַ ווידוי, שטיל זיי רוישן:
שש...שטאַרבן?

און, ווי פלאַטערדיקע שטראַלן,
אָפּגעזונדערט און אין צווייַען,
געל־פאַרברוינטע און פאַרבלאַסטע,
בלעטער פאַלן, פאַלן, פאַלן.

בריסל, 1922.

## אַ תּפילה

מוזע מיינע, ווייסער כּרוב,
דיין פליגל האָט מיך באַרירט
און ווידער וועקט מיך פון מיין שלאָף
דיין זילבערנע שטים.
העלף מיר אין מיין אומבאַהאָלפנקייט,
אַז כ׳זאָל אַליין אויפהערן
צו שטאַמלען מיינע רייד;
דו, וואָס פון חן־געשמאַק
איז באַהויכט דיין געמיט,
עפן מיר דעם וועג
צום חנעוודיקן ליד!

לערן מיך די שפּראַך פון בוים און פלאַנץ,
אַז ס׳זאָל דער שטילסטער רויש פון וואַלד
צו מיר דערגיין;
זיי זענען דאָרט אַזויפיל פאַראַנען!
און מיר איז שווער זיי אַלע צו פאַרשטיין.

דערנענטער מיך צו די גראָזן,
אַז איך זאָל יעדע פון זיי באַזונדער
קענען רופן ביי איר נאָמען;
באַשייד מיר דעם חלום
פון די ציטערדיקע אַנעמאָנען,
אַז כ׳זאָל פון זייער קורצן לעבן
די אומענדלעך גרויסע פרייד
קענען מיטלעבן!

און דער טאַנץ פון זומער־פויגל,
וואָס זיין לעבן איז נאָך קירצער
און זיין פרייד — נאָך גרעסער,
מאַך מיך פילבאַר אַזוי,
אַז די באַרוישטקייט,
וואָס באַהאַלט זיך אין זיין אומקרייז,
נישט זאָל פאַרלוירן גיין פאַר מיר ;
אויך נישט דער פּאָך פון זיינע פליגלען
און נישט דער שאָרך פון זיין געפלאַטער ;
און זאָל אויך נישט פאַרהוילן בלייבן מיר
זיין דורשט נאָך ליבשאַפט קיינמאָל נישט געשטילטער !

# זאָל איך גלייבן?

ווען איך שלאָף,
האַלט איך די אויגן אויף
און כ׳זע די זון אַדורך דיין בליק,
וואָס פאַרבט דעם טאָג אין בלוי.
זאָל איך גלייבן, אַז מיט דיר
ווערט שטיפעריש די זון,
וואָס גאַלדיקט אַלץ
נאָר בלויז דורך דיין באַריר?

ווען איך בין וואַך,
האַלט איך די אויגן פאַרמאַכט
און כ׳זע נאָר דיך,
דיך אַליין אויף דער וועלט.
זאָל איך גלייבן, אַז אָן דיר
איז וויסט אַרום די וועלט
און ס׳יאָגט די זון אַפּילו אָן
געדיכטן נעפּל בלויז און קעלט?

אַלט איז דער וויין
און יונג די האַנט וואָס גיסט אים איין.
זאָל איך גלייבן,
אַז אַ מענטש זאָל קענען שיכור זיין
פון אַ האַנט
נאָך מער ווי פון אַ שוימיק אַלטן וויין?

# געטאָ־מאַרש

מוזיק: דוויד בייגעלמאַן
אַראַנזשירט פון אַלעקסאַנדער פרידלאַנד

ס׳גייען די טעג
ווילד אין געיעג,
שווער פאַלן נעכט
ווי קייטן אויף קנעכט;
ס׳איז שרעק און בושה
אונדזער ירושה;
ס׳ווערגט אונדז די נויט,
ס׳איז זאַמד אונדזער ברויט.

רעפריין: דזום—דזום—דזום—דזום, דזום—דזום—דזום—דזום—דזום,
אוי, שפּיל, שפּיל אונדז, קלעזמער, אַ ניגון;
דזום—דזום—דזום—דזום—דזום—דזום,
דזום— דזום—דזום—דזום—דזום,
אַז אין חלום ער זאָל אונדז פאַרוויגן!

אויף שאָל פון וואָג
הענגט אונדזער טאָג;
קאַשמאַר פון נאַכט
האָט אונדז באַוואַכט;
ווי צוגעקליבן,
זע׳מיר געבליבן:
בלויז שפּיל פאַר הינט
און אַש אויפן ווינט.

רעפריין: דזום—דזום—דזום—דזום או״וו.

ח. נ. ביאַליק

# ווען איך וועל שטאַרבן

(פון העברעיש)

ווען איך וועל שטאַרבן, באַוויינט מיך, פריינט, אַזוי:
געוועזן איז אַ מענטש און ער איז נישטאָ שוין מער;
פאַר דער צייט אַוועק איז ער פון דער וועלט,
און איבערגעריסן איז זיין געזאַנג אין־דער־מיט.
אַ שאָד! נאָך איין איינציק ליד האָט ער געהאַט
און איצט איז אויף אייביק פאַרלוירן זיין ליד.
אויף אייביק שוין!

ס׳האָט דער מענטש אַ האַרף געהאַט
און ווען ער האָט גערעדט צו איר,
האָט ער אַלע סודות פון זיין האַרץ אַנטפּלעקט;
איין איינציקן סוד בלויז פאַרהוילן האָט ער איר.
אַלע סטרונעס האָט זיין האַנט באַרירט;
איין סטרונע בלויז האָט ער אויסגעמיטן,
אויסגעמיטן ביזן סוף.

האָט אַ לעבן לאַנג די סטרונע אַלץ געוואַרט
און שטומערהייט אויסגעגאַנגען נאָך איר ליד.
און פּונקט ווי ס׳לעכצט צום באַשערטן דאָס האַרץ —
נאָך איר אויסלייזער היים געגאַרט,
און כאָטש ער האָט פאַרזאַמט, יעדן טאָג אויפסניי געהאָפט,
גערופן צו אים אין פאַרבאָרגענעם ברומען.
אָבער ער האָט, ווי פאַרגעסן, און איז נישט געקומען.

איז גרוים דער צער, אוי, ס'טוט באַנג אַזוי!
ס'איז געווען אַ מענטש און ער איז נישטאָ שוין מער;
פאַר דער צייט אַוועק איז ער פון דער וועלט,
און איבערגעריסן איז זיין געזאַנג אין־דער־מיט.
אַ שאָד; נאָך איין איינציק ליד האָט ער געהאַט
און איצט איז אויף אייביק פאַרלוירן זיין ליד.
אויף אייביק שוין!

# לעקיש בער

(פון פראַנצויזיש)

הערט אַ מעשה, קינדער, הערט,
הי־הי־הי, האַ־האַ־האַ,
הערט אַ מעשה, קינדער, הערט,
פון אַ יינגל לעקיש בער.
הי־הי־הי, האַ־האַ־האַ,
פון אַ יינגל לעקיש בער.

געווען אַ נאַשער, אוי אַ שרעק!
הי־הי אַאַ״וו
געווען אַ נאַשער, אוי אַ שרעק!
ווו אַ טעלער דאָרט אַ לעק,
הי־הי אַאַ״וו
ווו אַ טעלער דאָרט אַ לעק.

איינמאָל האָט מען אים דערשנאַפּט,
הי־הי אַאַ״וו
איינמאָל האָט מען אים דערשנאַפּט,
מ׳האָט אים ביי דער האַנט געכאַפּט,
הי־הי אַאַ״וו
מ׳האָט אים ביי דער האַנט געכאַפּט.

און מקיים פּסק געווען,
הי־הי אַאַ״וו
און מקיים פּסק געווען,
ס׳איז אים, נעבעך, מיאוס געשען,
הי־הי אַאַ״וו
ס׳איז אים, נעבעך, מיאוס געשען.

אין קעלער פינצטערן קאַלט ווי אייז,
הי־הי אאַ״וו
אין קעלער פינצטערן קאַלט ווי אייז,
שלאָפן מוז ער מיט די מייז,
הי־הי אאַ״וו
שלאָפן מוז ער מיט די מייז.

קינדער ווילע וועלן פאַרשטיין,
הי־הי אאַ״וו
קינדער ווילע וועלן פאַרשטיין,
אין זיינע דרכים נישט צו גיין,
הי־הי אאַ״וו
אין זיינע דרכים נישט צו גיין.

# יאָ כדאי!

(צו זינגען מיטן מאָטיוו פון „יוקיידאַ״)

אויף שפּאַציר גייט אונדזער שול,
איז יאָ כדאי, יאָ כדאַי.
גיסט אַ רעגן צעבערם פול,
איז טאַקע נישט כדאי.
באַהאַלט מען זיך אין סטאָגעס שטרוי,
זינגט די חברה אָט אַזוי:

צוזינג: כ׳האָב געמיינט ס׳איז נישט כדאי,
זע איך גאָר ס׳איז יאָ כדאי.
יאָ כדאי, יאָ כדאי,
טאַקע יאָ כדאי!

הערט צו רעגענען שוין אויף,
איז יאָ כדאי, יאָ כדאי.
טרעפט מען בלאָטעס באַרג-אַרויף,
איז טאַקע נישט כדאי.
שמעקט דאָס פעלד מיט פרישן היי,
זינגט די חברה אָט אַזוי:

צוזינג: כ׳האָב געמיינט אאַ״וו.

פאַלט מען מידע פון די פיס,
איז נישט כדאי, נישט כדאי.
טרילט אַ פויגל צוקער זיס,
איז טאַקע יאָ כדאי.
ס׳שיינט די זון אין הימל-בלוי,
זינגט די חברה אָט אַזוי:

צוזינג: כ׳האָב געמיינט אאַ״וו.

ווען אין רעכטן מיטן גליק,
ס׳איז יאָ כדאי, יאָ כדאי.
מוז מען גיין אַהיים צוריק,
איז טאַקע נישט כדאי.
לערנען מוז מען פונדאַסניי,
נאָר די חברה זינגט אַזוי:

צוזינג: כ׳האָב געמיינט אַאַ״וו.

אין דער שול, אַז מ׳איז נישט פויל,
איז יאָ כדאי, יאָ כדאי,
ס׳איז צו לערנען גוט און ווײל
און טאַקע יאָ כדאי.
וואַקסט מען אוים אַ כוואַט אַ באַי
און מען זינגט זיך צו אַזוי:

צוזינג: כ׳האָב געמיינט ס׳איז נישט כדאי,
זע איך גאָר ס׳איז יאָ כדאי.
יאָ כדאי, יאָ כדאי!
טאַקע יאָ כדאי!

בריסל, 1947.

## זומער־לעב

(גאַמע אין דאָ מאַזשאָר)

(מ. ק.)

ווי עס קומט נאָר זומער־לעב
פול אין נחת נאָר איך שוועב.
דאָ רע מי, פאַ מי רע, דאָ, דאָ, דאָ.

שפּאַן איך פערד און וואָגן איין,
לאָז מיך אין דער וועלט אַריין.
דאָ רע מי, פאַ מי רע, דאָ, דאָ דאָ.

פירט מיין פערדל מיך אַוועק
ווּ די וועלט האָט נאָר אַן עק.
דאָ רע מי, פאַ סאָל לאַ סי, סאָל דאָ.

טרעף איך קיעלעך אַ סך
מיט אַ פּאַסטעך אויפן שליאַך.
דאָ רע מי, פאַ סאָל לאַ סי, סאָל דאָ.

העי, דו פּאַסטעך, קום מיט מיר,
קום מיט מיר אויף אַ שפּאַציר!
דאָ רע מי, פאַ מי רע, דאָ, דאָ דאָ.

אויב דו ווילסט מיט מיר נישט גיין
קען איך אויך דערויף באַשטיין.
דאָ רע מי, פאַ מי רע, דאָ, דאָ דאָ.

ס׳איז אַ פרייד ס׳איז זומער־לעב,
און אין נחת פול איך שוועב.
דאָ, רע, מי, פאַ, סאָל, לאַ, סי, דאָ.

דאָ דאָ סאָל, דאָ דאָ סאָל, דאָ,
דאָ סאָל מי, דאָ סאָל מי, דאָ.
וויאָ פערדל, וויאָ פערדל, וויאָ!
וויאָ פערדל, וויאָ פערדל, וויאָ!

## קינד און פויגל

אין רייכן שלאָס, אין זילבערנעם שטייגל,
טרי־לי־לי, טרי־לי־לי,
פון פרימאָרגן זינגט אַ פויגל :
טרי־לי־לי, טרי־לי־לי.

— זאָג, נאָך וואָס איז באַנג דיר אַצינדער ?
טרי־לי־לי, טרי־לי־לי,
עפּעס הער איך וויינען קינדער.
טרי־לי־לי, טרי־לי־לי.

— פאַרנעם ס׳געוויין פון מיינע געזאַנגען,
טרי־לי־לי, טרי־לי־לי,
כ׳בין אין שטייג ביי דיר געפאַנגען.
טרי־לי־לי, טרי־לי־לי.

פון אַ קינדס צעשטראַלטע אויגן
טרי־לי־לי, טרי־לי־לי,
האָט אַ טירל זיך באַוויגן.
טרי־לי־לי, טרי־לי־לי.

און אין גאָרטן אויף אַ צווייגל
טרי־לי־לי, טרי־לי־לי.
זינגט מיט פרייד אויפסניי דער פויגל.
טרי־לי־לי, טרי־לי־לי.

בריסל, 1947.

# איך בין אַ יידיש מיידעלע...

חוהלען צו אירע זיבן יאָר

איך בין אַ יידיש מיידעלע
האָב איך מיינע זאָרגן;
ס'אַרן קשיות מיך אַ סך
באַלד פון פריִען מאָרגן.

פרעג איך ביי דער מאַמען:
ווו איז באָבע-זיידע?
זאָגט זי, אַ פאַרטראַכטע,
— נישטאָ שוין אַלעביידע.

— וואָס הייסט „נישטאָ"? — נעם איך מיך פרעגן —
ווו זענען זיי אַצינדער?
— אין הימל — ענטפערט מיר די מאַ —
זיי שלאָפן דאָרט ווי קינדער.

ווייל איבער הונדערט צוואַנציק יאָר,
מוז יעדער שלאָפן גיין;
און ס'ווען פון דער גאַנצער וועלט
די מענטשן זיך צעגיין.

פרעג איך: און די הייזער?
וואָס וועט מיט זיי דאַן זיין?
צי וועלן זיי אויף אייביק טאַקע
בלייבן ליידיק שטיין?

איך בין אַ יידיש מיידעלע
מוז איך אַלץ פאַרשטיין;
מוז איך אַלצדינג וויסן,
אַלץ מוז איך דערגיין!

בריסל, 1960.

## הימל, ים און פאַסטעך

פון וואַנען נעמט זיך:
„שיין ווי די וועלט"?

אויף גליאיקע זאַמדן
פון ימישע ברעגן
נידערט דער הימל
און שפּרייט אויס אַ רעגן.

ס'אַ שפּיל? אַ קאַפּריז?
איז נישט זומער אַצינדער?
אָט שווימט זיך דאָס וואַסער!
אָט באָדן זיך קינדער!

נאָר אויף האָריזאָנטן
אַרום אין דער ווייט,
צעגרינען זיך הימלען
אין ראַנדן פון זייד.

בלויט זיך דער ים-ברעג
און כעסט זיך אַזוי:
— ס'איז מיינס דאָך דער גרין
און דיינס איז דער בלוי!

שמייכלט דער הימל:
— אוי, נאַרישער ים!
מיט נאַראָנים זיך וויצלען
נישט כדאי מן-הסתם...

ער פּעכערט מיט גלאַנצן
און הייבט זיך אַרויף
אַלץ העכער און העכער,
אָן ענד און אָן סוף.

דערזעט ער אַ זקן,
אַ פּאַסטעך אַ גרייז,
וואָס פּאַשעט דאָרט שעפּסן
פֿון פּוכיקן ווייס.

זאָגט ער צום זיידן:
— מעגסט הערן עס, כלעבן —
די וועלט איז אַ יופי!
און שיין איז דאָס לעבן!

גלעט זיך דער אַלטער
די באָרד און ער קוועלט:
— אַז וועלט איז אַ יופי און ס'לעבן איז שיין,
איז טאַקע דאָס לעבן שיין ווי די וועלט!

בריסל, 1960.

# אַ פרייד איז אונדזער לעבן

טראַל־לאַ טראַל־לאַ לאַ...
מיר זענען קליינע פּעמפּיקעס,
ס'איז אַ נחת און אַ פרייד ;
נאַשוואַרג האָט מען ס'לעבן ליב
און צום לערנען — תמיד גרייט.

גוטע זאַכן גיט אַהער,
אָבער תּיכף און וואָס מער !
נאַשן איז שוין אונדזער זאַך
און פאַר אייך וועט זיין דער שבח !
טראַ־לאַ...

מיר זענען קליינע פּעמפּיקעס,
גרויסע שטיפערס, אַלע ;
ווילט איר מיטשטיפן מיט אונדז,
קומט אַהער אָן שאלה !

איינער : — שפּילן מיר אין „בלינדע קו" ?
אַ צווייטער : — באַהעלטעניש ! — קוקוריקו !
אַ דריטער : — אויסגעשמירט זיך שוואַרץ אויף קויל !
אַלע : יאָ, ס'איז מחיהדיק און וווּיל !
טראַל־לאַ־לאַל־לאַ...

מיר זענען קליינע פּעמפּיקעס,
טאַנצן מיר אַ רעדל!
האַנט-אין-האַנט און חנעוודיק,
אַ יינגל מיט אַ מיידל.

אַ שיינע מעשה, קורץ און וויל,
זינגט-זשע אַלע, זייט נישט פויל,
ס'איז אַ נחת, כ'לעבן,
אַ פרייד איז אונדזער לעבן!
טראַל-לאַ-לאַל-לאַ...

# כ׳וועל דערציילן אייך אַ מעשה

## (לויט אַ פּראַנצויזישן קינדער־מאָטיוו)

כ׳וועל דערציילן אייך אַ מעשה
פון אַ ליץ, אַ ווילן יונג;
ס׳איז נישט שווער אים צו דערקענען,
ס׳ליגט זיין נאָמען אויף דער צונג.

צוזינג: שטענדיק פייפט ער, פייפט ער, פייפט ער:
הו־או־או — — — —
שטענדיק פייפט ער, פייפט ער:
הו־או־או — — —
שטענדיק פייפט ער, שטענדיק פייפט ער,
פון דער פרי ביז אויף דער נאַכט,
פון נאַכט ביז אין דער פרי.

פון געדיכטן גרינעם וואַלד,
דורך די שטעגלעך ענג און קליין,
אָנגעטאָן אין לייכטע שיכלעך,
קומט ער פריילעך אָן צו גיין.

צוזינג: גאָר ער איילט זיך, איילט זיך איילט זיך:
הו־או־או — — —
גאָר ער איילט זיך, אאַ״וו

ס׳טרעפט איך הער אויף מיינע שויבן,
עמעץ קלאַפּט דאָרט אָן אַן עק;
עפן איך אויף־גיך דאָס פענצטער —
איז דער קונדס שוין אַוועק!

צווינג: נאָר ער שושקעט, שושקעט, שושקעט:
הו־או־או — — — —
נאָר ער שושקעט, אאַ״וו

און, אַז כ׳גיי מיך לייגן שלאָפן,
כ׳צינד אַ ליכטל אָן אין הויז —
קומט ער אָן מיט זיינע שפּיצלעך
און ער לעשט מיר ס׳ליכטל אויס!

צווינג: שטענדיק שפּאַט ער, שפּאַט ער, שפּאַט ער:
הו־או־או — — — —
שטענדיק שפּאַט ער, אאַ״וו

צי האָט איר שוין געטראָפן איצט,
ווער ס׳איז דער ווייסער־חברהניק?
ס׳איז דער ווינט און נישט ווער אַנדערש,
ס׳איז דער ווינט מיט זיינע שטיק!

צווינג: שטענדיק בלאָזט ער, בלאָזט ער, בלאָזט ער:
הו־או־או — — — —
שטענדיק בלאָזט ער, אאַ״וו.

# שטענדיק פאָרויס!

## (יוגנט־מאַרש)

מיטן ניגון פון דער „וואַרשאַוויאַנקאַ“

פון זונען באַשטראַלטע מאַרשירן מיר גלייכע,
פעסטע אונדזער אָרעם און זיכער דער טראָט,
די קעפּ הויך געהויבן, אָן מורא, אָן שרעק
פאַר שטראָפן, פאַר תפיסה און לייטיש געשפּאָט.

ביס שטאָלצע, אין רייען,
מיר גייען, מיר גייען,
שטענדיק פאָרויס! איז אונדזער געבאָט.

פלאַם־פייער אין אויגן און הערצער צעגליטע,
שטורעם אין ברוסט און בליצן אין בליק;
טשופּרינעס ווי פענער צעפלאַטערט אין ווינט
און הייסע באַגערן פון פרייהייט און גליק.

ביס שטאָלצע, אין רייען,
מיר גייען, מיר, גייען,
שטענדיק פאָרויס! נישט קיינמאָל צוריק!

פון אויגן קיין טרער נישט, פון קניִען קיין בייג נישט,
נאָר ס'קלינגען די לידער און ס'ברענט דער פאַרלאַנג;
ס'איז מעכטיק דער קאַמף־רוף, וואָס הילכט אָפּ אין ווייט
און הייליק דער צאָרן, וואָס וואַרט שוין צו לאַנג.

ביס שטאָלצע, אין רייען,
מיר גייען, מיר גייען,
שטענדיק פאָרויס! איז אונדזער געזאַנג.

און ווען ס׳וועט פון פרייהייט די זון העל אַ שיין טאָן,
פאַרהילכן די לופט וועט אַ יובל־געשריי;
מיר וועלן ערשט דענצמאָל, ווי וועלדער צערוישט,
אַ שאַל טאָן ניצחון־געזאַנג אין דער פריי.

ביס שטאָלצע, אין רייען,
מיר גייען, מיר גייען,
שטענדיק פאָרויס! מיר רופן אויפסניי!

# געטאָ־מאַרש

מוזיק: דוויד בייגעלמאַן

S. A. / T. B.

S'ghé-en di teg vild in ghe-yeg Shver fa-ln nekht.

ké-ln oïf knekht S'iz shrek un Bu-shë Un-zer ye-ru-shë

Vi svergt unz di nöït siz zamd un-zer broït Zum — — —

— — — — — — Oï shpil shpil unz klez-mer a

ni-gun. — Zum — — — — — — —

— Az in kho-lem er zol unz far-vi-gn. —

## געטאָ-מאַרש
(המשך)




## צו מיין לאַנד

מוזיק: העגעך קאַן

Andante p

Kh'ba - zing dikh nisht, maïn land, Un kh'shraï nisht oïs daïn loïb mit

Poco cresc. M.F. cresc.

maï - ssim fun der shlakht un mit mil - kho - më - roïb. Kh'hob nor a boïm far-

F p

flantzt oïf yar - dns shti - ln breg, Kh'hob oïs - ghe - tre - tn bloïz in

Poco rit. p

feld a shmo - ln shteg.

cresc. M.F. 1. 2.

# װען איך װעל שטאַרבן

(פון העברעיש)

טעקסט: ח. נ. ביאַליק

מוזיק: יצחק הײלמאַן

Andante espr.

S A T B

pp

Ven ikh vel shtar_bn, ba_veynt mikh fraïnt a_zoï : Ven ikh vel

shtar_bn, ba_veynt mikh fraïnt a_zoï : ghe_ven iz a mentsh

cresc. f

nish_

mf

un er iz

to shoïn mer;

pp

Solo mf

Far der tzaït a_vek iz er fun der

S A T B

pp

# ווען איך וועל שטאַרבן

(סוף)



# דאָס ליד פון דער עקרה

(פון העברעיש)

טעקסט: רחל

מוזיק: יצחק היילמאַן

# יזכור...

מוזיק: אליעזר בראַטמאַן

Adagio religioso.

p

In o-vnt sho ven s'shlo-fn aïn di haï-zer Un s'kho le-men di ga-sn

cresc. mf

shti - - - - - il a troï - m. Laïkht oïf a blas-keyt, a

ral... dim. pp mf p

he-ler shi - - - - - mer. A bloï-er ne--pl ba-zeymt dem roïm.

p

Un shpet in nakht, ven altz zikh lesht in shti-ber, Shor - khn shlaï-khn-di-kë

cresc. mf p

laï - - - - khtë tri - - t; S'vib-rirt in lut-tn a

ral. dim pp mf p

ghe-sheptsh ba - la - - khash fun an oïf-der-vakh-tn ka-dish lid.

Espressivo. p. sempre

Hilt di nakht zikh aïn in sho-tns gheyt oïf a shtim vos mont un ruft

pp

in vaït; a tti - lë za-ka far di op-ghe-shey-dtë

p

far le-bns op-ghe-hak-të far der tzaït

# אָן שטויבן איז דער וועג

מוזיק: אליעזר בראַטמאַן

Cantabile spianato ed espressivo assai.

*p* A stoïg fun shtroï in zu - mer - di - kn feld
un baï der zaït zikh tzit a ve - eg, *pp* far - ghe - sn fun der velt.

*mf* Do fort nisht ké - ner mer un s'kumt nisht *dim.* ké - ner on - *p* tzu - ghén. *pp* On
shtoï - bn iz der veg ; *mf* on sho - tn un on vi - der - kol, far - lo - zn un a - lén.

Ikh makh di oï - gn oïf un tzu, *p* in hal - bn dri - ml ; *mf* un i - ber mir, an
o - fn oïs - ghe - shp - ré - te - r, *p* vol - knt vaïs der hi - ml.

*mf* Un vi bloï fun oï - gn, *pp* shvebt an op - shtral on tzu mir, un
kh'her a shep - tshen, *mf* vi a tfi - - - - - - - lë, "mir far dir ! »

*mf* S'ghét dos hartz mir plutz - ling i - ber, *p* klemt un kor - tshet zikh tzu - za - men ;
*f* S'ghit a bri mir mo - nen - dik a ruf : *pp subito* daïn - - - *morendo* ma - më !

# דער פאַרזיי

מוזיק: אליעזר בראַטמאַן

Andantino.

Baïm hen-dler fun zri-e zikh tu-lien tzu-za-men

kern-dlekh tzum far-zey mit kheyn fun

far-troï-en, vi kin-der tzu a ma-men, zey pre-plen a-zo-oï:

grazioso.

Zë, nem undz fun da-nen far-zey undz in tol, in baï-tn in

lan-ghë; vet ku-men a tog ve-ln

zaïn mir a-mol gol-de-ne za-an-gen.

rit.....

Es ve-ln dort kin-der bald feld-blu-men raïsn mit zun tzvi-shn fin-gher

un s'vet ku-men ru-en in a tog a hey-sn a van-de-rer zin-gher

grazioso.

Hob ikh zey ghe-nu-men ghe-a-kert ghe-zeyt un maïn

feld iz tze-blit bald ku-men di bri-der fun no-ent un

vaït tzu-m yom tov fun shnit.

rit........

## װיג־ליד

מוזיק: אליעזר בראַטמאַן

Andante

S'tzi - en khma - res oï - fn hi - ml un in sho - tns
shvi - mt di nakht; Baï der ar - bet iz der ta - të, koï - ln grobt er
in der nakht Khey - nev - dik yin - ghe - le maïn, in
zi - sse kha - loï - mes shlof aïn. zi - sse kha - loï - mes shlof aïn.

## אָן מזל

(פון אַן אוקראַינישן פאָלקס־מאָטיוו)

Zog vos bis - tu poï - e - rl in mi - tn veg ghe - bli - bn shteyn?
Hos - tu nisht dain veg far - loï - rn, tzi di ok - sn viln nisht gheyn. viln nisht gheyn.

## חלומות

(פון אַ רוסישן פאָלקס־מאָטיוו)

Tempo di valse

S'hot mikh ghe - kho - lemt in na - kh - ti - kn dri - ml, az
kh'hob dikh far - loï - rn maï - n eyn - tzi - ker hi - ml, az
kh'hob dikh far - loï - rn maï - n eyn - tzi - ker hi - ml

# קינד און פויגל

מוזיק: יצחק היילמאַן

Andantino

In raï - khn shloss in zil - ber-nem shtaï - gl, Tri li li

li! Tri li li li li! Fun fri - mor - gn zi - ngt a foï - gl

Tri li li li li Tri li li li li

*meno mosso, molto espressivo*

Zog, nokh vos iz

bang dir at - zin - der tri li li li li li e - pes

her ikh vey - nen kin - der tri li li li li li li Far-

sostenuto

nem s'ghe-veyn fun maï - ne ghe-zan-ghen tri li tri li tri

li Kh'bin in staïg baï dir ghe-fan-ghen tri li

li li li

Tempo I mo.

Fun a kinds tze-shtra - l te oï - gn

tri li li li tri li li li li hot a ti - rl zikh ba-

voï - gn tri li tri li li li li un in gor - tn oïf a

tzvaï - gl tri li li li tri li li li li zingt mit freyd oïf-

snaï der foï - gl, tri li li li li tri li li li li li

# לעקיש בער

(לויט אַ פראַנצויזישן קינדער־מאָטיוו)

T. di marcia

*mf* *p*

Hert a maï - ssë kin - der hert! hi, hi, hi, ha, ha, ha! Hert a maï - ssë

kin - der hert! Fun a yin - gl Le - kish Ber. hi, hi, hi, ha, ha, ha! Fun a yin - gl

Le - kish Ber. hi, hi, hi! ha, ha, ha! Fun a yin - gl Le - kish Ber!

Finale.

# זומער־לעב

מוזיק: יצחק היילמאַן

Vi es kumt nor zu - mer leb, ful in na - khas
Shpan ikh ferd un vo - gn aïn, loz mikh in der
nor ikh shveb do, re, mi, fa, mi re, do, do, do!
velt a - raïn

Fi - rt maïn fer - dl mikh a - vek Vu di velt hot
Ze ikh ki - e - lekh a sakh mit a pas - tekh
nor an ek do, ré, mi, fa. sol, la, si, sol, do!
oï - fn shlakh

Hey du pas - tekh kum mit mir, kum mit mir oïf
Oïb du vilst mit mir nisht gheyn, ken ikh oïkh de -
a shpa - tzir. do, ré mi, fa, mi, re, do, do, do!
roïf ba - shteyn.

s'iz a freyd s'iz zu - mer leb un in na - khas
ful ikh shveb, do, re, mi,
fa, sol, la, si, do!

Vio fer - dl, vio fer - dl, vio! Vio fer - dl, vio fer - dl, vio!
do, do, sol, do, do, sol, do! do, sol, mi, do, sol, mi, do!

# כ'וועל דערציילן

פון אַ פראַנצויזישן קינדער־מאָטיוו

KHVEL DER TSE - LN AÏKH A MAÏ - SSE FUN A LETS A' VOÏ - LN YUNG

BIZ NISHT SHVER IM TSU DER KE - NEN SLICT ZAÏN NO - MEN OÏF DER TSUNG

SHTEN - DIK FAÏFT ER FAÏFT ER FAÏFT ER HOU - OU - OU

SHTEN - DIK FAÏFT ER FAÏFT ER FAÏFT ER HOU - OU - OU SHTEN - DIK

FAÏ - FT ER SHTEN - DIK FAÏ - FT ER FUN DER

FRI BIZ OÏF DER NAKHT FUN NAKHT BIZ IN DER FRI

# נאַכט אין מדבר סיני

מוזיק פון אַ רוסישן ראָמאַנס

Fintz - ter di nakht Bloïz di koï-ln nor bli-tzn in step; S'faïft der vint in di dro-tn fun slup,

s'fink-ln bla-ssë di shte-rn. Vi volt ikh ghe-volt, maïn sa-bra, dikh zen khotsh atzind; vi

benk ikh tzu zen daï-ne lo-kn tze-shoï-bert in vi - nt

Fintz - ter di nakht zi hot, lib-stë undz bey-dn tze-sheydt; s'hot der si-naï mit groï-za-mer vaït

1.2.3. tzvi-shn undz oïs - ghe-shpreyt zikh. Finale tzvi-shn undz oïs - ghe-shpreyt zikh Fin.

# יאָ כּדאי

מוזיק פון סטודענטן־ליד „יוקיידאַ"

Marciale

*mf* Oïf shpa-tzir gheyt un-dzer shul iz yo ke-daï, yo ke-daï.

Ghist a re-gn tze-bers ful, iz ta-kë nisht ke-daï. Ba-

halt men zikh in sto-ges shtroï zingt di khe-vrë ot a-zoï:

*f* kh'hob ghe-meynt s'iz nisht ke-daï, ze ikh gor s'iz yo ke-daï,

yo ke-daï, yo ke-daï, Ta-ke yo ke-daï!

# אַ פרייד איז אונדזער לעבן

מוזיק פון יצחק היילמאַן

T. di marcia

*mf* Tra la Tra la la tra la tra la la tra la tra la la

tra la la la la la la Mir ze-nen kley-ne pem-pi-kes, s'iz a na-khas un a freyd;

*cresc.* nash-varg hot men s'le-ben lib un tzum ler-nen to-mid greyt. *mf* Gu-të za-khn ghit a-her,

O-ber tey-ket un vos mer! na-shn iz shoïn un-dzer zakh un far aïkh vet zaïn der shvakh.

# אינהאַלט־פֿאַרצייכעניש



## עפּיטאַפֿן



## זיגזאַגן

## כאַר־פּאַרטיציעס



## פאַר שול און היים



## נאָטן

פון זעלביקן מחבר:

דער שונא אין די מויערן. פּרץ־פאַרלאַג, תל־אביב 1963.
געווונען דעם דיאַנאַ בלומענפעלד־פּרייז.

פונקען אין דער נאַכט. פאַרלאַג „אויפקום", תל־אביב 1965.

השונא בתוך החומות, העברעיש פּראָפ׳ שמואל אייזנשטאַדט
הוצאת „תקומה", תל־אביב 1966.

פראַנצויזישער טעקסט פון מחבר

**L'ENNEMI DANS LES MURS.** Éditions Vie Ouvrière, Bruxelles 1966.

איך דריק אויס מיין דאַנק מיין ליבן שוואָגער פּראָפ׳ שמואל אייזנשטאַדט צוזאַמען מיט מיין טייערער שוועסטער פרידאַ פאַר זייער ווירקנ־דיקער הילף, אַ דאַנק וועלכער דאָס דאָזיקע בוך האָט געקענט דערשיינען.

דער מחבר